# פאַניע גלאַנץ

**1886 — 1953**

## עטלעכע דאַטעס

פאַניע גלאַנץ איז געבוירן אין רוזשין, קיעווער גו־בערניע, צוואַנציק טעג אין חודש אָדר פון דעם יאָר 1886, די עלטסטע טאָכטער פון שמחה און רייזל וואָלינסקי. איר פולער נאָמען איז געווען פייגע־לאה.

פון קינדהייט אָן האָט זי אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן. איר פאָטער, אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס, אַ פאַרוואָרצלטער אין יידישן שטייגער, אין יידישער טראַדיציע, און פון צייט צו צייט אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער סוחר, האָט בײַ זיך אָפּגעמאַכט צו געבן איר סיי אַ גוטע יידישע, סיי אַ גוטע וועלטלעכע דערציאונג (זען דעם אונטן געבראַכטן בריוו פון איר העברעאישן לערער). זי איז געווען די באַליבטסטע פון אַלע זיינע פיר קינדער — דריי טעכטער און איין זון.

אין דעם שטעטל, וואָס איז פול געווען מיט זכרונות פון דעם באַרימטן „רוזשינער רבי״, איז זי געוואַקסן אַ דורך־און־דורך נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקער מענטש. איר ערשטע יידישע ליבע איז געווען ארץ־ישראל. די ליבע האָט אָנגעהאַלטן איר גאַנץ לעבן.

נאָך דעם אויפקום פון דעם אוגאנדא־פּראָיעקט איז זי געוואָרן אַ טעריטאָריאַליסטקע.

צו יענער צייט, ווי באַוואוסט, איז שטורמיש אויפגעשטיגן די סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איבער דער גאַנצער רוסלענדישער אימפּעריע. אויך פאַני־

וואָלינסקי איז מיטגעריסן געוואָרן. זי האָט געפונען דעם סינטעז צווישן יידישקייט און סאָציאַליסטישקייט אין דער פּאַרטיי „ס. ס.", און איז פאַרבליבן אַ סאָציאַליסטקע אַלע אירע טעג.

צו פופצן יאָר האָט זי זיך געגרייט צו עקזאַמענעס אין דער גימנאַזיע אין אומאַן. דער עיקר אָבער האָט זי געוואָלט ווערן אינגאַנצן זעלבשטענדיק, לויט דעם שטייגער פון אַ סך אינטעליגענטע מיידלעך פון איר דור. איז זי צו 18־19 יאָר אָנגעקומען אויף די אַקושאַריש־פעלדשערישע קורסן אין קיעוו און זיי פאַרענדיקט. גלייכצייטיק האָט זי זיך באַטייליקט אין דער פּאַרטיי־אַרבעט פון די „ס. ס." — אין קיעוו, אָדעס, מינסק. זי איז אויך געווען עטלעכע וואָכן אין טשענסטאָכאָוו, פּוילן. טשענסטאָכאָוו איז געווען „אַן „ס. ס.'ישע" שטאָט."

די צאַרישע פּאָליציי האָט זי שוין געהאַלטן אויפן אויג. נאָך אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג אין אָדעס האָט קיעוו האָט מען זי אַרעסטירט און אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ קיין מינסק, וואו זי איז אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים אין דער דאָרטיקער טורמע.

קיין אַמעריקע איז זי אָנגעקומען אין זומער 1909. אויך דאָ איז זי, ווי ווייט מעגלעך, געווען טעטיק געזעלשאַפט־לעך, ספּעציעל אין דער אַרבעט פאַר יידישע שולן, אין דער קולטור־געזעלשאַפט, אין דעם קולטור־קאָנגרעס. אַ היפּשע צייט איז זי געווען די פאָרזיצערין פון דער פרויען־אָפּטיי־לונג ביי דער צענטראַלער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע.

זי האָט גוט געקענט און ליב געהאַט העברעאיש. זי איז אָבער געווען אַן איבערצייגטע יידישיסטקע. דעם אויפ־קום פון מדינת ישראל האָט זי אויפגענומען מיט טיפסטער פרייד. ביז איר לעצטן טאָג האָט זי נישט געקאָנט „מוחל זיין" דעם דאָרטיקן גאַנצן סדר, וואָס האָט צו יידיש אַזאַ פרעמדלעך פאַרעווע, נישט זעלטן אַ שאַרף־נעגאַטיווע באַ־ציאונג.

פאַניע גלאַנץ איז געווען אַן אמת־קינסטלערישע נאַטור,

און צו ליטעראַטור געהאַט די אינטימסטע שייכות. זי וואָלט געקאָנט שרייבן אי דערציילונגען, אי לידער — ווען זי וואָלט זיך נישט געשטעלט אַזוינע הויכע מאָסן, ווען זי וואָלט נישט געהאַלטן, אַז וואָס זי שרייבט „קאָן יעדער איינער". זי וואָלט אויך געקאָנט זיין אַ שאַפערישע כאָטש שטרענגע קריטיקערין, אָבער ווידער דאָס אייגענע: „מען שרייבט דען נישט גענוג אָן מיר? ווער דאַרף עס?".

אין דער נייערער יידישער ליטעראַטור פון אַמעריקע האָט זי געהאַט דעם שטאַרקסטן אינטערעס. זי האָט זי אויך גוט געקענט, פונקט ווי זי איז געווען אויסגעבונדן מיט דער נייער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, ספּעציעל מיט דער פּאָעזיע.

די אינטראָספּעקטיווע ריכטונג אין דער יידישער פּאָעזיע (אינזיך) איז אויפגעקומען נישט בלויז אין איר שטוב, נאָר אונטער איר דירעקטער אָנרעגונג. עס איז געווען איר געדאַנק, אַז אָנשטאָט אַן אַנטאָלאָגיע פון יידישע לידער, וואָס איז אין עצם געווען נישט אַנדערש, ווי מ. באַסינס אַנטאָלאָגיע פון 1918, זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אַ זאַמלונג פון די מאָדערנסטע יידישע פּערזן פון יענער צייט. מיט דער אידייע צו פּאַרעפנטלעכן אַ מין צוגאָב צו באַסינס אַנטאָלאָגיע האָט זיך אַרומגעטראָגן נ. ב. מינקאָוו. פאַניע האָט אַזוינס געהאַלטן פאַר אומנייטיק, איבעריק, אומבאַרעכטיקט. אירע אַרגומענטן האָבן איבערצייגט און געפּועלט.

אַזוי איז טאַקע אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1920 די „זאַמלונג אינטראָספּעקטיווע לידער" אונטער דער רעדאַקציע פון יעקב גלאַטשטיין, א. לעיעלעס און נ. ב. מינקאָוו — אין דעם מ. נ. מייזעל פאַרלאַג, ניו־יאָרק. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די „אינזיך"־ריכטונג אין דער יידישער פּאָעזיע. יעקב גלאַטשטיין און נ. ב. מינקאָוו זיינען אויך געווען לאַנגיאָריקע איינגייער אין דער שטוב, ווי שפּעטער אַנדערע אינזיכיסטן — ב. אלקוויט, ראובן לודוויג.

אין משך פון אַרום 35 יאָר זיינען די הייזער אָפּאַטאָשו,

לייוויק, גלאַנץ־לעיעלעס געווען ענג פאַרבונדן צווישן זיך. פאַרקניפּטע משפּחות. מען האָט אָפּט געזומערט צוזאַמען, און די ווינטערס זיינען זעלטן פאַרביי אָן אַ טאָג־טעגלעכער באַגעגעניש. עס האָבן זיך נאָענט געחברט די מענער און נאָענט די פרויען.

שבת אין דער פרי, דעם 16טן מאַי 1953 איז פון די זעקס צונויפגעקניפּטע נעמען איינער — פאַניע — אויס־געמעקט געוואָרן פון דעם ספר החיים. דער פאַרבליבענער פוסטער חלל קריגט אַ טיילווייזע אָפּשפּיגלונג אין די ווייטערע בלעטלעך.

# אַ בריוו וועגן פאַניע גלאַנץ

חשובער רעדאַקטאָר פון
„טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״ : —

מיט אייער דערלויבעניש וויל איך לייגן אַ קרענצל בלומען אויפן קבר פון מיינער אַ תלמידה, פאַניע גלאַנץ. איך וויל דאָ איבערגעבן אייניקע שטריכן פון איר אַלס מיינע אַ בריליאַנטענע תלמידה צוריק מיט 57 יאָר, ווען איך בין געווען אַ העברעאישער לערער אין רוזשין, קיעווער גו־בערניע, פאַר געציילטע קינדער פון גבירישע משפחות.

איר פאָטער, שמחה וואָלינסקי, האָט מיך באַשטעלט איך זאָל מיט איר לערנען די העברעאישע שפּראַך און האָט מיר געצאָלט אַ זייער גוטן פּרייז: 40 רובל אַ מאָנאַט פאַר 1 שעה אַ טאָג 6 מאָל אין וואָך. מיין תלמידה איז דאַן אַלט געווען 9 אָדער 10 יאָר. זי האָט געהאַט אַ זייער שאַרפן מוח, אַ זעלטענע תפיסה און אַ שטאַרקן זכרון. איך וויל איבערגעבן עטלעכע קורצע עפּיזאָדן, וועלכע האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון.

אין משך פון די דריי־פיר יאָר וואָס איך האָב מיט איר געלערנט זיינען מיר דורכגעגאַנגען כמעט דעם גאַנצן תנ״ך, דעם „מורה הלשון״, דעם „תלמוד לשון עבר״ און אויך געלייענט מאמרים פון „השלוח״ און ספּעציעל פון אחד העם. אויסער דעם, האָט זי אַליין געשלונגען פּריי די ווערק פון די העברעאישע שרייבערס פון יענער צייט. אין אַ געוויסן טאָג, ווען איך בין געקומען מיט איר צו לערנען, זאָגט צו מיר: „אין די ביכער וואָס איך לייען, באַגעגן איך אָפט אויסצוגן פון תלמוד, וואָלט איך געוואָלט האָבן אַ

באַגריף וועגן דעם פון אָריגינאַל. טאָ זייט אַזוי גוט, לערער, און ברענגט מיר אַ גמרא״. אויפן צווייטן טאָג האָב איך מיטגעבראַכט אַ גמרא — דאַכט זיך מיר, אַז סנהדרין. און איך האָב מיט איר אָפּגעלערנט אַ דף אָדער צוויי. אַזוי האָב איך געטאָן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. נאָכדעם האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט שוין אַליין אָפּגעלערנט אַ בלאַט גמרא מיט רש״י. בין איך באמת געווען איבערראַשט צו הערן, אַז זי האָט דעם טעקסט און דעם פּירוש ריכטיק פאַרשטאַנען.

יידיש לייענען האָט זי זיך אַליין גענומען. זאָגט זי מיר איינמאָל, אַז זי האָט געזען אַ גוט בוך פון י. ל. פּרץ, האָט זי עס געלייענט און גוט פאַרשטאַנען. ווען זי האָט עס פאַר מיר פאָרגעלייענט, האָב איך איינגעזען, אַז זי פאַרשטייט אויסגעצייכנט וואָס זי לייענט.

פון 1911 אָן, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך זיך געזען מיט מיין אַמאָליקער תלמידה ביי יעדער געלעגנהייט, ווען איך בין נאָר געווען אין ניו־יאָרק — און געזען ווי הויך זי איז געשטיגן אין איר ידישן און אַל־געמיינעם וויסן.

זאָל דאָס זיין מיין קרענצל בלומען אויף איר פרישן קבר. חבל על דאבדין ולא משתכחין.

מיט אַכטונג,

**סיימאָן בוירנס, שיקאַגאָ.**

(געווען באַקאַנט אין רוזשין אַלס זלמן אריה).

דינסטאָג, יוני 23, 1953.

געווען געדרוקט אין „טאָג״־„מאָרגן־זשורנאַל״.

פאַניע גלאַנץ

# שבעה

מיט דער באַן אונטער דר'ערד,
איינגעטוליעט אין מיין שוואַרצן האַנטאַש,
האָב איך געפירט דיין טויט צו פינפטער עוועניו.
אַ קאַלטער ווינט האָט געריסן די פרילינג־מאַנטלען
אויף די יונגע מיידלעך,
און געצופּט די ווייסע גארדעניאַס אויף די פאַרפרוירענע בוזעמס
פון די עלטערע פרויען.

און קיינער האָט נישט געהערט,
אַז דאָס האָב איך אין שטילן טרויערן,
צווישן די געטורעמטע מויערן פון ניו־יאָרק,
געזונגען מיט דעם ווינט
אַ לעצט געזאַנג
פאַר דיר,
פאַר מיר,
און איבער אונדז דעם מדבר־שטאָרעם,
וואָס טראָגט אונדז צערטלעך אין זיין אָרעם
צו געגאַרטער וואָר.

נישט טאַטע,
ביסט זון מיר איצט.
שלאָף.
שלאָף אין רו,
איך קום,
איך קום
אַהין,
וואו דו.

„אינזיך", יוני, 1937.

פאַניע גלאַנץ

געדרוקט אונטער דעם פסעוודאָנים עלאַ לעהמאַן

# צווייִ

ווען דער מאַן גייט אַוועק, בלייבן די צוויי אַליין: די יונגע פרוי און די יונגע קאַץ.

די יונגע פרוי גייט זיך דורך איבער אירע ליכטיקע זוניקע צימערן. צאַרט־גרינער טעפּיך, צאַרט־גרינע זיידענע פאָרהאַנגען. צאַרט־גרינע פרילינגס פרייד פלאַטערט אין דער לופט פון דעם צימער. דאַנקען גאָט, דאַנקען גאָט. די יונגע פרוי ווייסט ניט גענוי וועמען זי דאַנקט: גאָט אין הימל, צי גאָט אויף דער ערד. פון ביידע איז איינס גע־וואָרן, איינער — אַן אייגענער, האַרציקער, נאָענטער. און דעם איינעם וואָלט זי געקאָנט און געוואָלט דאָ אויפן אָרט פאַלן צו די פיס אין פולקייט פון האַרצן. אָבער דורך דער האַלב־פאַרהאַנגענער טיר רופט דאָס צווייטע צימער. העל־געלער זייד אויף די ווענט, העל־געלער זייד אויף די פענצ־טער, פלאַמיק־רויטער טעפּיך אונטער די קליינע פיס. ניין, זי קאָן דאָ ניט בלייבן. דאָ, אין דעם שטילן צימער רוישט און שטורעמט דאָס לעבן. דאָ ווילט זיך דרייען אין אַ ווילדן שיכורן קרייז, אָדער אויסציען הכנעהדיק די הענט און אין הילפלאָזן עקסטאַז אָפּגעבן זיך דעם ווירבלענדן שטראָם. עס פאַרדרייט זיך דער קאָפּ און זי שפּאַרט זיך אָן אין וואַנט. און ווען זי נעמט אַראָפּ די הענט פון די אויגן, זעט זי, אַז איר ביי די פיס זיצט די ווייס־געלע קאַץ און קוקט אויף איר פאַרשנדיק און שטיל.

— וואָס ווילסטו, דזשעס?

דזשעס עפנט דאָס מויל. אָט וועט זי באַלד עפּעס זאָגן, אָבער זי זאָגט גאָרניט.

— ביסט אַ וואוילע קאַץ, דזשעס, — זאָגט די יונגע פרוי און רירט אָן מיט דעם זיידענעם שיכל דעם קלאָר־ווייסן האַלדז פון דער קאַץ. צוויי געלע לאַפּקעס כאַפּן אַרום דאָס שיכל און שלעפּן עס אין מויל אַריין.

— לאָז אָפּ, דזשעס, לאָז אָפּ.

ריינער קרישטאָל צעשיט זיך איבערן הויז.

— דאָ וועלן מיר זיך אָפּרוען, דזשעס, פאַרשטייסט? געוויס.

די יונגע פרוי לאָזט זיך אַראָפּ אין אַ ברייטן ווייכן פּליושענעם פאָטעל. דאָס ווייכע לויזע מאָרגן־קלייד צעשיט זיך אין רויטן שוים אַרום אירע פיס, די שפּיצן פון מאָרגן־הויב קאָקעטירן מיט די גרויסע בלויע אויגן אונטער זיי, און נעמען זיך איבער קעגן די לופטיקע פריסקעלעך אַרום די פאַררונדלטע אָרעמס.

בלאַס־בלויער זייד אויף די פענצטער גיסט מאַט־בלויען שיין אין צימער אַריין, פון צימער אין האַרץ גלייך פון דער יונגער פרוי. זי פאַרמאַכט מיט אַ גליקלעכן שמייכל די אויגן. ניט געטראַכט, ניט געטראַכט. שטיל, שטיל, ליכטיק.

אין דער טיף פון דעם שווער־געוואָרענעם קערפּער רירט זיך עפּעס. לייכט, פאַרזיכטיק. עס צאַפּלט זיך אַ פישל אין אַ קרייז, אויבן, אונטן, ביי דער זייט.

פון די וואַרעמע טונקעלע טיפענישן פון לייב הויבן זיך נעפּלען אַרויף, אַרויף, פאַרשלייערן רויט די געדאַנקען אין דעם שלומערנדן, אימער שלומערנדן קאָפּ. מאַן. מיין מאַן. געליבטער. קום נעענטער. נאָך. נאָך. עס ציטערן די רויטע ליפּן נאָך אייביק־געגאַרטער זעטיקייט. לויכטן אויף טונקעלע שמייכלענדיקע אויגן און גיבן אַ ברען די לופט. ניין. ניין. פון מיילן ווייט דערקלינגען אַהער זיינע פעסטע עלאַסטישע טריט. דרייסטע און זיכערע טריט. וואונדערבאַרער, גע־בענטשטער צווישן מענער. פאָטער פון דעם וואָס ציטערט און לעבט אין איר. לויטערע פרייד פאַרשווענקט אַלע גרע־נעצן צווישן נעכטן, היינט און מאָרגן. לוי—טע—רע פרייד, לוי—טע—רע פרייד.

זי גיט אַ ציטער.

די ווייס־געלע קאַץ טוליעט זיך צו אירע פיס, רייבט זיך אין איר קלייד און ברומט.

— דזשעס, האָסט מיך איבערגעשראָקן, שלעכטע.

— מיאַו!

— נו, קום שוין אַרויף, קום.

די קאַץ גיט לייכט אַ שפּרונג און נורעט זיך איין אין שויס פון דער יונגער פרוי.

ווייסע, דינע פינגער שפּרייטן זיך, זינקען אין קלאָרן ווייס־געלן סאַמעט, פון די שפּיציקע אויערן — ביזן שפּיץ פון לעבעדיקן ציטערדיקן עק, פון קאָפּ — אַראָפּ צום ציטערדיקן עק.

— דזשעס, האָסט מיך ליב?

טיף־בלויע אויגן בויגן זיך צו גאָלדיק־שטראַלנדיק־גרינע.

— מיאַו!

— פיין. אויסגעצייכנט. האָסט מיך ליב. אָבער וואָס ביסטו אַזוי שווער געוואָרן, דזשעס? גייסט האָבן קעצעלעך?

— מיאַו!

— קעצעלעך, יאָ. ווייס־גאָלדיקע, ווי דו! אָדער טונקעלע, ווי דער טאַטע? אַ? נאַרישע, ווייסט אַפילו ניט, ווי דער טאַטע האָט אויסגעזען. דו ווילסט אפשר ניט אויסזאָגן? און איך דיר וועל יאָ זאָגן: מיין קינד וועט האָבן אַ מאַט־טונקל פּנימל און אַ פּאָר טיפע אויגן, וואָס גליטשן זיך גלייך אַריין אין האַרצן צו יענעם, וואָס קוקט אין זיי. גלייך אין האַרצן, הערסט?

צוויי שמאַכטיקע אַנטבלויזטע אָרעמס דריקן צו זיך דאָס וואַרעמע ציטערדיקע לייב פון דעם קעצל.

— מיאַו!

— מיאַו, מיאַו, קאָנסט ניט זאָגן עפּעס אַנדערש? נאַרישע!

די יונגע פרוי שטעלט זיך אויף. די קאַץ שפּרינגט פלינק אַראָפּ און באַהאַלט זיך אין אַ ווינקל פון דער ניט צו־פרידענער באַלעבאָסטע. ציט אויס דעם האַלדז און קוקט פאָרזיכטיק נאָך דער פאַרשוואונדענער פרוי.

אין אַ רינג פון זונען־גאָלד ציט זיך אויס די ווייס־געלע קאַץ. פאַר אירע פאַרשטעלטע דריי־עקיקע אויגן דרייט זיך די גאַנצע וועלט: טאַנצן רויטע זיידענע שיכלעך, רירן זיך פאַרדעכטיק פיס פון שטולן, פיס פון טישן, רייסן זיך ערגעץ ווילד פאַר די אויערן צוויי קאָטערס — הערסט ווי זיי וואָיען? פאַרעכטלעך פאַלן אַראָפּ די אָנגעשפּיצטע אויערן: ווער דאַרף זיי? שפּרינגען גרין־גאָלדיקע העזעלעך איבערן וואַנט. עט, זאָל — אַ פייגעלע! אויפן בוים אונטערן פענצטער! פאַרבענקטע, גרינע גליענדיקע אויגן. נאָך זיך צורירן, נאָר איין מאָל דערפילן דעם צאַפּל פון דעם וואונדערלעכן לופ־טיקן שפּילכל.

— דזשעס, העי, דזשעס!

די קאַץ כאַפּט זיך אויף און לויפט געשווינד אין קיך.

אין די ווייסע פינגער אַ רויט שטיק פלייש.

— נאָ, דזשעס.

זשעדנע בייסן זיך איין די שאַרפע ציינדלעך.

— דו, פרעסעריק, דו. קום.

פון איין צימער אין צווייטן. פון איין צימער אין צווייטן שאַרן זיך נאָך די אומהערבאַרע טריט פון דער קאַץ. אומ־הערבאַר שאַרן זיך פיינע קליינע רעדעלעך אין דעם קאָפּ פון דער יונגער פרוי. שאָטנס שלייכן זיך דאָרטן, שאָטנס פון נאָענטע — און ווייטע, ניט דערקענטע וועלטן. די שאָטנס קריכן איינע אויף די צווייטע, פלאָנטערן זיך, שפּינען זיך אין אומזעבאַרע נעצן, און פאַלן אַרונטער, טיף אַרונטער אין דעם טונקעלן אָפּגרונט פון לייב. און איבער דעם אָפּגרונט קעניגט די יונגע פרוי, ניט ציילנדיק אירע אוצרות.

— טשעזאַרע האָט ליב דער שטול זאָל שטיין אַזוי, לייכט אויף אַ פייערל איבערן אָפּגרונט.

— טשעזאַרע האָט ליב מײַן גראָ־זײַדן קלײד, װעל איך עס הײַנט אָנטאָן —

— אָ! —

די יונגע פרוי גלײַכט זיך אױס. פון טיפעניש פון לײַב האָבן קלײנע װעלן פון װײטאָק אַ קלאַפּ געטאָן אין קרײַץ.

— איך בין מיד. קום, דזשעס, מיר װעלן זיך צולײגן.

דזשעס גײט. זײ ציִען זיך אױס אױף דער געבעטעטער סאָפע.

— דזשעס, קוקסט אױף מיר, און דײַנע אױגן זײַנען אַזױ קלוג — דו װײסט עפּעס, דזשעס? װילסט מיר עפּעס זאָגן? שװײַגסט. זאָג, װאָס טראַכסטו? װאָס טראַכסטו, דזשעס?

— מיאָו!

— אָ, גײ שױן, גײ, שטומע דו!

באַלד דרימלט שטיל די פרוי.

באַלד חלומט שטיל די קאַץ.

„אינזיך", יאַנואַר, 1923.

ה. לייוויק

# אייביק־לעבן

בלאָסער, קוים־געאָנטער שמייכל אויף די ליפּן,
אין די אויגן צאַפּלט זיך פֿאַרגעבונג און געבעט.
ווערטער לאָזן־נאָך, זיי מוזן זיך שוין מער ניט קניפּן.
אייביק־לעבן דרעמלט אויפֿן קראַנקן בעט.

דרעמלט, דרעמלט, שעהן און מעת־לעתן,
מאָרגנליכט ווי אָוונטליכט אין דעמער־ווייכקייט בלויט,
הייליק יעדער טרונק און יעדער ביסן עסן,
וואָס צעגייט זיך אין די אייביקייטן אונטער הויט.

אַז עס הייבט זיך אויף אַ האַנט — איז ווי אַ פֿליגל
וואָלט אַ בלענד געטאָן מיט בשורהדיקן גליק,
ווייסקייט פֿלאַטערט ווי אַ זונשטראַל אויף אַ שפּיגל,
ווען די האַנט ווערט מיד און פֿאַלט אַוועק צוריק.

וואָס איז דען אַ האַנט וואָס ווערט אַלץ גרינגער?
נעם די האַנט אַריין אין דיינער, צערטל זי און גלעט,
טו אַריין מנוחה אין די נאָכגעלאָזטע פֿינגער,
בענטש זיי און באַשיץ זיי אויפֿן ווייסן בעט.

י. אַפּאַטאָשו

# פּ אַ נ י ע

אַפּריל 1953.

שוין חדשים, ווי פּאַניע איז קראַנק. שוין וואָכן, ווי זי גייט כמעט נישט אַראָפּ פון בעט. אירע מאַטע הענט, וואָס ליגן אויף דער ווייסער קאָלדרע, ווערן פון טאָג־צו־טאָג דינער, דורכזיכטיקער. אירע האָר, אַ געשפּין פון אָקסידירט זילבער, פאַלן איבערן שטערן, איבער די אויגן, שפּרייטן זיך איבערן ווייסן קישן, איבערן אויסגעצערטן, צעווייטיקטן פּנים, וואָס איז ענלעך אויף אַ געשניץ פון אַלטן העלפאַנט־ביין.

אַזוי ליגט פּאַניע און דרעמלט טאָג און נעכט. ס'גרויסע, שטילע צימער איז כמעט ליידיק. ווינטלעך, וואָס טראָגן זיך פון האָדסאָן, שפּאַרן זיך דורכן קוים צעעפנטן פענצטער, ווינטלען די לייכטע פאָרהאַנגען, לופטערן די רעצעפּטן־ריחות. אַרום די ווענט — פּאָליצעס ביכער. אָנגעלענט אויף די ביכער־רוקנס, שטייען פאָטאָגראַפיעס, ציען זיך דורות — די אַכצן יעריקע פּאַניע, ווען זי איז געווען אַ קורסיסטקע אין קיעוו, איר זון הערשל, אירע טעכטער — מירל, דינה — און דריי אייניקלעך. אין אַן אויסגעבעטער שטול, וואָס שטייט אין אַ ווינקל, זיצט די וואַרטאָרין עטלין, אַ מיטליעריקע נעגערטע. זי האַלט אַ ביבל און שעפּטשעט תהלים מיט אַ שטילן, צעצויגענעם פריירי־ניגון.

פון מאָל צו מאָל עפנט זיך שטיל אַ רוק־טיר, ס'בייגט זיך אָפּ אַ שטיקל פאָרטיער, ס'באַווייזט זיך אַן אויג און אַן אומבאַהאָלפן פּנים פרעגט זיך אָן ווערטער:

— שלאָפט?

עטלין ענטפערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל, אַז יאָ און ציט ווייטער דעם פריירי־ניגון.

ס'אויג, צי דעם מאַנס, צי דער טאָכטערס, פאַרשווינדט.

דער בויג אין די פּאַרטיערן גלייכט זיך אויס און ס׳ווערט נאָך שטילער ווי פריער. ס׳הערט זיך בלויז, ווי דער תהלים־ניגון ציט זיך מיטן געזשום פון אַ געפּייניקטער פליג.

אין אַזאַ ליכטיקן אַפּריל נאָכמיטאָג האָט פאַניע געעפנט די אויגן און זיך גלייך נישט געכאַפּט וואו זי געפינט זיך. אַלץ האָט איר אויסגעזען פרעמד — די ביכערשענק, די בילדער אויף די ווענט, די צעשטעלטע פאָטאָגראַפיעס. זי איז נאָך נישט געהאַט אַרויס פון יענער וועלט, וואו זי איז געווען בשעת אין דרימל און מיט מאַטערניש האָט זי זיך געריסן אין דער וועלט אַריין, וואָס אַרום איר אין צימער. ס׳האָט געדויערט אַ פּיינלעכע ווייל. אירע וואַכע אויערן האָבן אויפגעכאַפּט דעם תהלים־ניגון און יעדער בויג און קנייטש אין איר אויסגעצערט פּנים איז פול געוואָרן מיט חכמה, יענע חכמה, וואָס גרענעצט זיך מיט ביטול, ווען דער מענטש דערפילט, אַז אָט, אָט באַפרייט ער זיך פון דער דערעסענער טאָג־טעגלעכקייט.

פאַניע האָט פון דער זייט, אַזוי מיט אַ שטיקל אויג אַ קוק געטאָן אויף דער מיטליעריקער עטלין, וואָס איז געזעסן אַ געבויגענע אין פאָטעל און האָט געבעטן גאָט איר פּאַציענטקע זאָל געזונט ווערן. עטלינס זיצן, איר פרעפּלען מיט די ליפּן, האָט פאַניען דערמאָנט איר אייגענע מאַמע, וואָס פלעגט זיצן מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ און זאָגן תחינות, ווען פאַניע, אַ קליין מיידעלע, איז געלעגן אין בעט אַ קראַנקע.

ווען איז דאָס געווען?

דאַכט זיך נעכטן, אייערנעכטן. יאָ, אינעם טאָג, ווען מען האָט געקרוינט ניקאָלאַי דעם צווייטן. מיט ניין און פופציק יאָר קריק. און פאַר די אויגן שפּרייטן זיך דורות, גאַנצע דורות. ס׳ציען זיך גערטנער און סעדער. ס׳שווימט אַרויס דאָס שטעטל רוזשין, וואו פאַניע איז געבוירן גע־וואָרן. און אַז מען איז געבוירן געוואָרן אין רוזשין, האָט מען אויפן גאַנצן לעבן שוין געטראָגן אין זיך דעם ווייניקן ריח פון רוזשינער ווינטער־עפּל, געטראָגן אויפן גאַנצן לעבן

די קיניגלעכע סודות און ניסים פון ר׳ ישראלטשן דעם רוזשינער רבי, וואָס זיין דור איז נישט ראוי געווען, אַז ר׳ ישראלטשע, משיח, זאָל נתגלה ווערן. ווען די צען־יעריקע פאַניע, האָט דאָס געהערט פון איר מוטער, האָט דאָס מיידעלע, אָנשטאָט צו זאָגן ברכה אין די פרימאָרגנס, גענומען דאַ־ווענען, גענומען בעטן גאָט, אַז רוזשין זאָל יאָ זוכה זיין אויפצונעמען משיחן. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן חודש.

דערנאָך — די פרייד פונעם ערשטן ציוניסטישן „שקל״, וואָס פאַניע האָט געקויפט פאַר איר אייגן געלט, די פרייד פון רעדן העברעאיש. דערנאָך — העכערע קורסן אין קיעוו, געהיימע פאַרזאַמלונגען פון עס־עס, תפיסה אין קיעוו, און מינסק. דערנאָך — ניו־יאָרק, קינדער, אייניקלעך — — —

און אַצינד ?

אַ קרענק, וואָס מען רופט זי נישט אָן ביים נאָמען, האָט זיך אָנגעזעצט אויף איר, מאַטערט און נאָגט אויס ס׳לעצטע ביסל חיות. און דאָס ציט זיך שוין חדשים, חדשים. ווען עס אַמאָל נעמען אַ סוף ? דער רוזשינער האָט אין ראש השנה געהערט בלאָזן משיחס־שופר און אַ זאָג געטאָן : „דאָס רופט מען מיך אויף יענער־וועלט״. פאַרוואָס הערט זי נישט דער שופר של משיח ? גענוג גע־לעבט. זיבן און זעכציק יאָר. אַזויפיל דורות, אַזויפיל אי־בערקערענישן אין אַזאַ קליינעם שטח, וואָס הייבט זיך אָן מיטן קליינעם פינגער און ענדיקט זיך מיטן גראָבן. איין שפאַן — דריי דורות ?

און אַצינד ?

פאַניע האָט פאַרמאַכט די אויגן און דערפילט, ווי ס׳גייט אין איר אויף אַ ליכטיקייט. און מיט דער ליכטיקייט איז אָנגעשוואומען אַ פייערדיק אות — אַ „בית״. די „בית״ פון „בראשית״, וואָס מיט איר האָט גאָט באַשאַפן די וועלט. די וועלט איז נישט קיין פאַרמאַכטע צעל אין אַ תפיסה. ס׳איז אַ געביידע וואו בלויז דריי זייטן זיינען פאַרמאַכט, פאַר־מויערט. די פערטע זייט איז אָפן. און ווען דעם מענטש ווערט ענג אויף דער וועלט, ער שטיקט זיך פון ווייטיק, איז פאַ־

ראַן אַן אָפענע טיר, דורך וואַנען דער מענטש קען פראַנק און פריי אַרויסגיין.

שוין טעג, ווי די פייערדיקע „בית" לאָזט זי נישט אָפּ, קומט צו איר בייטאָג, ביינאַכט, קומט ווי אַ טרייסט־מלאַך. און פאַניע וויל יעדעס מאָל וויסן, צי דאָס איז אויף דער וואָר, צי זי האָט עס ערגעץ וואו געלייענט? וואו האָט זי עס געלייענט? זי וואָרט בלויז איר זון, הערשל, וואָס וואוינט ווייט פון ניו־יאָרק, זאָל קומען. מיטן מאַן, מיט דינהן האָט זי זיך שוין, ווי געזעגנט. מיט דער עלטערער טאָכטער, וואָס געפינט זיך — — — וואו געפינט זי זיך? זי לייענט דאָך לעקציעס אין קיעוו אין מאָסקווע, אין קרים... מיט איר, מיט מירלען, האָט זי זיך שוין לאַנג געזעגנט — — דאַרף זי זיך בלויז געזעגענען מיט הערשלען . . .

און דערנאָך?

לעבן פאַניעס בעט, אויף אַ טישל, שטייט אַ שאַכטל מיט שלאָף־פילן. זי האָט זיי ביינאַכט, ווען די וואַרטאָרין איז געשלאָפן, איבערגעציילט — פופצן פילן. די פופצן פילן — דאָס איז די בריק, וואָס פירט פון דער וועלט אויף יענער וועלט. איז אויך פאַראַן אַ בריק, וואָס פירט פון פינצטערן מאַמע־בויך אין דער וועלט אַריין? איז געבורט נישט טויט? און טויט — געבורט? ווער ווייס וויפל פיין און ווייטיק ס׳קינד לעבט איבער ביים געבוירן ווערן? און וואָס איז ווייטער? טאַקע גאָרנישט, גאָרנישט? און אפשר איז פעכנער גערעכט? אַליין אַ וויסנשאַפטמאַן און ער גלייבט, אַז דאָס איבערגיין פון דער וועלט אין דער אייביקייט אַריין, איז אַ באַפרייאונג, וואו ס׳וואַרט אויפן מענטש ליכט, פרייהייט, מוזיק, וואו טויט איז אַ ניי לעבן, וואו נישט בלויז אויגן זעען דעם אייביקן פרילינג, נישט בלויז חושים פילן דעם פרילינג, נאָר דער מענטש ווערט איינס מיט די בערג, מיט די טאָלן, מיטן פרילינג. אפשר? —

פאַניע האָט געעפנט די אויגן, דעריזען עטלינס מאַמע־שמייכל איבער זיך, אויפגעכאַפּט אירע ווערטער מיטן ביבל־ניגון:

— ווי פילט זיך מיין קינד, מיין טאָכטער? צייט צו נעמען אַ טרונק מאַראַנצן־זאַפט, צייט — — —

פאַניע האָט באַוואויגן מיטן קאָפּ אויף ניין. אָן ווער־טער, ווייל אירע ווערטער האָט שוין קיינער נישט געהערט. האָט זי אַ פרעג געטאָן מיט אירע צעווייטיקטע אויערן, מיט די טרוקענע ליפּן:

— וואָס נעמט אים אַזוי לאַנג צו קומען?

עטלין האָט אויפגעכאַפּט פאַניעס שטום־לשון און מיט פרייד אַ זאָג געטאָן, ווי מען זאָגט אָן אַ קינד די בשורה:

— הערי איז דאָ. אַריינרופן אים?

ס׳אויסגעלאָשענע פּנים האָט אויפגעלויכטן. די אויגן זיינען געוואָרן ברייטער, גרעסער, געקוקט צו די פּאָרטיערן, וואָס האָבן זיך פאַנאַנדערגערוקט און הערשל, איר הערשל, אַ געוויקסיקער, דער קאָפּ עטוואָס געבויגן, איז אַריין אויף די שפּיץ פינגער, ווי אַ שולדיקער.

— האַלאָ, מאַמע — — —

פאַניע האָט געוויזן מיט אַ פינגער ער זאָל זיך זעצן אויפן בעט. אירע אויגן, ס׳מויל, ס׳גאַנצע פּנים, אַלץ האָט געפרעגט וואָס ער מאַכט, וואָס זיינע צוויי קינדער מאַכן? הערשל, בטבע אַ שווייגער, האָט דאָס מאָל אַ שטאַרק צע־רודערטער, זיך עטלעכע מאָל אַ רייב געטאָן די שפּיץ נאָז מיט אַ פינגער און זיך דווקא צערעדט, דערציילט ווי זיין צוועלף־יעריקער דניאל האָט ליב די יידישע שול, ווי ער האָט מיטגעשיקט דער באָבען אַ בריוול אין יידיש. און אַז ער האָט גענומען לייענען ס׳בריוול האָבן פאַניעס אויסגעלאָשענע באַקן באַקומען דעם אָפּשיין פון אַ פלעמל. די אויגן, פאַר־צויגן מיט אַ פייכטקייט, האָבן זיך פאַרמאַכט.

— שלאָפסט? — האָט הערשל זיך שטיל אַ פרעג געטאָן און מיט פיין געקוקט אויף זיין אייגענער האַנט, וואו דאָס נישט דערלייענטע בריוול איז געלעגן.

ער האָט זיך נאָך שטילער אויפגעשטעלט, געריבן מיט אַ פינגער די שפּיץ נאָז און האָט זיך הינטערוויילעכס אַרויס־

געשאַרט פון צימער. אין קיך איז געזעסן עטלין און האָט געגעסן. זי האָט אים געפרעגט:

— איינגעשלאָפן? לעצטנס האַלט זי אין איין דרימלען. אַ קאַווע, הערי?

ערשט אַצינד האָט הערי זיך געכאַפּט, אַז ער האַלט זיין אינגלס בריוול אין דער האַנט. ער האָט עס צונויפגעלייגט, עס אַריינגעשטופּט אין אַ וועסטלקעשענע און זיך געזעצט טרינקען ס׳טעפּל קאַווע.

פאַניע האָט געעפנט די אויגן, זיך אַרומגעקוקט: — וואו איז הערשי?

איר בליק איז געפאַלן אויפן טישל, וואָס איז געשטאַנען לעבן בעט, געפאַלן אויפן וואַסער, וואָס אין גלאָז, אויף די שלאָף־פּילן. אירע הענט, וואָס האָבן שוין טעג זיך נישט געהאַט געהויבן, זיינען געווען פּאַראַליזירט, האָבן זיך מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן, ווי גאָט אַליין וואָלט איר געהאָלפן. זי האָט אַ נעם געטאָן ס׳גלאָז וואַסער, אַ נעם געטאָן איין פּיל, אַ צווייטן. אַ זופּ — אַ שלונג, אַ זופּ — אַ שלונג. און מיטאַמאָל — ס׳גלאָז איז ליידיק. זי קען נישט אַראָפּשלינגען דעם דריטן פּיל, וואָס ליגט אין מויל. די צונג, דער גומען — טרוקן, ברענען פון טריקעניש. זי האָט קוים אויסגעשפּיגן דעם פּיל. זאָל זי אַ קלונג טאָן? און אַז הערשל וועט אַריינקומען? און אַז ער וועט איר געבן ס׳גלאָז וואַסער? און זי וועט איינשלאָפן, טאָקע אויף אייביק איינשלאָפן — — וועט הערשל אַרומגיין ס׳גאַנצע לעבן . . . הערשל דער שטילער, מיט אַזאַ שולד אויף די פּלייצעס . . .

פאַניעס הענט זיינען קריקגעפאַלן אויף דער קאָלדרע, זיך מער נישט גערירט. דער קאָפּ האָט געמומען זינקען אין קישן. פאַר די פאַרמאַכטע אויגן אַ פייערדיקע ברייט, די ברייט פון דער אָפּענער „בית״, וואָס מיט איר האָט גאָט באַשאַפן די וועלט. פלעמלעך און פונקען האָבן זיך געשפּאַרט אין מוח אַריין, מיטגעריסן פאַניעס זיבן און זעכציק יאָר, זיי געטראָגן מיט דער ווייט, מיט דער ברייט.

פאַניע איז איינגעשלאָפן.

א. לעיעלעס

# וואודפערן פאַרם*

1

די פעלדער ליגן רחבותדיק און זאַפטיק,
עס פּאַשן זיך אויף זיי דריי צענדליק קי.
די רו, אַ בלאָ־און־גאָלד געוועב, שטייט האַפטיק,
די רונדע רו פון עפּעס אַ נישט־הי.

מיין אייגן פעלד איז לאַנג שוין אויסגעליידיקט
פון רו, פון זון, פון גרינס און זיכערקייט.
כ'בין אָרעם און פאַרוויסט און אומפאַרטיידיקט
אַקעגן די, וואָס אין צעוויכערטקייט
צעפּרעסן פרעך און ממש אומדערזעטלעך
די קראַפט פון אַלע מיינע גראָזן־בלעטלעך
אויף סומנע פעלדער, טיף אין מיר.

2

די הויכע אויגוסט־נאַכט נעמט אָפּ דאָס לשון,
איר שטערן־פּראַכט טרעפט אין דעם האַרץ מיר גליין.
ס'בליצט־אויף אַ וואָר אין מיר און ווערט פאַרלאָשן,
און שווימט אַוועק ווי אַ געהיימער טייך.

ווי זינלאָז קלינגען קליינע רייד, און טאַט און חיוב
אַקעגן ווילדן בראַנד, וואָס ס'ברענט ווער דאָרט.

*) דאָס לעצטע זומער־פּלאַץ, וואו די לייוויקס און גלאַנצעס האָבן אין 1952 פאַרבראַכט אינאיינעם.

די אָנקלאָג, וואָס עס האָט געהויבן איוב,
קאָן נישט דערגיין קיין טרייסט פון ענטפער דאָרט.
עס רוט אויך נישט די טרייסט מיט זילבער־שמייכל
אויף דעם געביי פון איינשטיינס וואונדער־שכל.
ער וויס דאָס מער פון דיר און מיר.

3

אַ קו האָט דורך דער גאַנצער נאַכט גערעוועט —
פון יענעם לוסט־באַגער אַ ווילדער רוף,
וואָס יעדעס לעבן איז זיין בלינדער עבד,
אַ קנעכט אי איך, אי דו, און יעדער גוף.

איך האָב שוין מער די נאַכט נישט איינגעדרעמלט.
דער רעוו, וואָס האָט אַזוי בהמהדיק
די לופט צעברומט, האָט מיך געוועקט פונקט דעמאָלט,
ווען אַ קאָשמאַר האָט בייז און אימהדיק
מיט שוויס צעווייקט מיין קישן און מיין ליילעך.
ס'איז בעסער, זאָג איך, און געזינטער גריילעך
דאָס נישט־שלאָפן אַצינד פאַר מיר.

4

כ'בין אין דעם שווערן, קילן נאַכט־געטונקל
צום פענצטער צו כמו לויט אַ סיגנאַל.
איך האָב דערבליקט אַ רויטלעך אויג, אַ פונקל
דורך דינקייט פון אַ נעפּלדיקער שאַל.

דאָס פונקל איז געוואַקסן לענגער, גרעסער,
געשלייכט פון מזרח־הימל פּיסלעכווייז.
ביז ס'איז אַן אויסגעקרימט, שמאָל־רונדלעך מעסער
אַרויסגעקראָכן בולט ביסלעכווייז.

איך קוק מיט האַרץ־קלאַפּן, און וואָס דערגיי איך?
ס׳איז קלאָר: עס הייבט אַ נאַכטיקער רוצח
אַ בלוטיקן קינזשאַל אויף מיר.

5

מיין פּולס — ער ריטעמט האַסטיק, האַסטיק.
דער רויטער אומברעננג איז גאַנץ נאָענט שוין.
די שותּפים צו דער מאָרדישער פֿאַנטאַסטיק
איז פֿעלד, איז וואַלד, דער גאַנצער שוואַרצער פּלוין.
באַגערן פּלעכטן זיך גראָטעסק אין קנוילן

מיט שטיקער שליימיקע פֿון נאַכטיקייט,
און ערגעץ פֿרייכט אַ חיה, בלינד פֿאַרהוילן,
מיט גלוסטעניש און בייזער מאַכטיקייט.
די גאַנצע טויבע וועלט — איין גרויסער מאָנסטער.
און מיט זיין חשק, אין סכּנה נאָנטסטער,
פֿאַרמעסט דער מערדער זיך אויף מיר.

6

האָט עמעצער בכיוון אָנגעגליט עס? —
אַלץ רויטער רוקט דאָס מעסער זיך און רוקט.
צי האָט עס גאָר געפֿלאַמט מיט שללן שחיטות?
ווער וייס אַלץ ווען ס׳האָט אָקאָרשט פֿאַרצוקט?

פֿאַרוואָר, פֿאַרצוקונג איז די שוואַרצע חתימה,
וואָס יעדע נאַכט לייגט שאַלקהאַפֿט־אויסטערליש.
היינט האָב איך בלויז דערפֿילט עס נאָך אינטימער —
דער פּחד האָט געהויערט קלויסטעריש.
אַ קליינע רגע נאָר — דאָס מעסער גלוסטיק
וועט צופּאַלן און שטעכן אין מיין ברוסט זיך,
און רויטלען הייס מיט סוף פֿאַר מיר.

**7**

נאָר אָט די קליינע, סאַמע לעצטע רגע
האָט אין איר טראַכט געטראָגן רגעס פיל ,
אַזויפיל צייט, ס'זאָל אַ געוויין־עלעגיע
דערגיין צו מיין געהער סיי הויך, סיי שטיל.

אַ קלאָג אין בריענדיקע צינגער, פלעמער
האָט איינס נאָך איינס געברענט די אויערן —
פון קי און הינער, ווערעם, פערד און לעמער,
פון קעץ און פייגל, מייז און טכויערן.
און אויך: פון אַלע דורות מענטשן־שבטים,
פון אַלץ, וואָס האָט אַ לעבעדיקן אָטעם —
אַלץ האָט געקלאָגט פאַר מיר.

**8**

די קלאָג פון דעם פאַרצוקטן — ווייך, געדולדיק:
„לעב א י ך צו מאַכן יענעמס גלוסטונג זאַט?"
פון דעם פאַרצוקער: „צי בין א י ך דען שולדיק,
וואָס כ'קאָן נישט לעבן אויף קיין גראָז און בלאַט?"

אַ בונט געברום, עס זומט און שרייט און זשומעט,
מיט אַ געמיש פון חוזק־מעסערלעך
אין דעם צעגאָס פון אויסוועגלאָזן אומעט:
„דו ביסט די קרוין, ביסט אומפאַרבעסערלעך
מיט דיין געשפּין פון פעטע, דרייסטע פּלענער,
מיט דיינע רייד פון העכער, בעסער, שענער —
דאָ וואו עס פגרן אויך מיר".

**9**

„דו פאַרשטט דאָס ליכט ביז ווייטסטן נעפּל,
און כאַפּסט אויך אויף דעם וואוגק פון מינדסטן פונק.

האָסטו געהערט אַ שטיל געפּרעפּל,
צי אַ געשריי אין צאָרנדיקן שוואונג?

האָט וואו אַ טרער פאַר אונדז געתחינהט?
אַ קול פאַר אונדז געהויבן עמעצער?
דיין שפּראַך מיט אונדז איז גאַנץ פאַרכלינעט —
מליצה! אָבער זין, אַ שמץ נאָר?
ביסט שטאָלץ, וואָס זוכסט פאַר זיך באַזינונג.
פאַר אונדז — זוכונג, קיין געפינונג.
וואָס אונדזער צוועק? וואו גייען מיר?

10

„דו האָסט פאַרטראַכט אַ טרייסט. — געמאַכט אַ פורעם
פון זיך און אים באַטיטלט מאַכטיק — גאָט.
הענגסט קונציק אָן אויף אים אַ ים יסורים,
אַמאָל אַ טראָפּן פרייד, אויב דיר געראָט.

זאָגסט תפילות אים, בויסט טעמפּל נאָך אַ טעמפּל,
און בעטסט אים אויך אויף רחבות גראַזיקער,
וואו יעדער בלישטש איז דיר אַ הייליק לעמפּל.
אונדז איז פאַרזאָגט דער ספאָרט דער דאַזיקער.
דו זעסט די נאַכט, איר האַס, איר מערדער־אָנזאָג?
די קלינג, די דאָרשטיקע, אַזש טונקל־בראָנזיק?
אַזאַ די וואָר, זי לעבן מיר".

11

איצט האָבן ווינטן אין די ברייטע פּאָלעס
פון יעדן ווינקל אין דעם האָריזאָנט
געטראָגן נייע, מענטשישע יללות,
נאָר הערן זיי — כ'האָב מער שוין נישט געקאָנט.

בלויז איינע, איינציקע עלעגיע־נאָטע,
אַן אַנגסטיקע און ווי פאַרבאָטענע —
פון שולד און אומשולד, דורכפאַל און חרטה —
האָט מיך באַצוואוּנגען, אַ צעטראָטענע.
זי איז געווען באַקאַנט מיר, מער ווי קענטלעך,
און ווי אַ קינד אַ קליינס, מיט שלאָפּע הענטלעך,
געטוליעט זיך פאַרקראַמפּט צו מיר.

12

געפּליסטערט: „צי ס׳איז יאָ, צי נישט פאַראַנען
אַן אָנהייב ווען, אַן ענדע ערגעץ־וואו —
ס׳איז דאָ אין ווינט דאָס שטויבל, קוים פאַרשטאַנען,
דאָס אומגליק־פּינטעלע, וואָס רופט זיך „דו״.

פאַראַן דיין בלאָנדזשע־וועג און דיין געפּלאָנטער
צו טרעפן ס׳גרויסע שווערע רעטעניש;
און האַרעוואַניע, שטענדיק מי־און־מאַטער,
און קוים אַ פּיצעלע גערעטעניש.
ס׳איז דאָ געדאַנק און ווילן, שוואַכינק פלעמל,
וואָס ציטערט־צאַנקט אין חושכס ברייט געזעמל.
פאַראַן אַ דו און ער, אַ זיי און מיר.

13

„פאַראַן רחמנות, העלע קערנער אָנונג,
אַז דו ביסט „ער״, און אַלע „מירס״ — אַ „זיי״.
און אָן באַלוינונג, צוזאָג, אָן שום מאָנונג —
דער מוז פון אומעטומיקן פאַרזיי.

פאַראַן דאָס גרויסע ראָד פון צייט־פאַרענדער,
און אַ געדולדיק־ביטער טשאַטעווען

אויף איין בלויז פעדעמל אין בערג געוועגדער.
פאַראַן ס׳געהיימע שלוכצן: „ראַטעווע!"
און מער — אויף אַלע שליאַכן, וועגן, שטעגלעך —
נישטאָ! און מער איז אויכעט גאָרנישט מעגלעך
פאַר קיינעם נישט, צי זיי, צי מיר.

14

געהערטע, אַלטע רייד — פון אימער־אייביק,
אין עלנטס שלינגענדיקן אָקעאַן;
מיט גוטע פריינד אין חברשער דערהייבונג;
אינמיטן רויש פון מאַסן־קאַראַוואַן —

כ׳האָב זיי געהערט, די שטענדיקע באַגלייטער,
מיט זייער טריישאַפט, דער פאַרציטערטער.
מיר דאַכט, זיי זיינען נאָך געווען פיל גרייטער,
אין זייער צושטיין — נאָך פאַרביטערטער
גראָד דעמאָלט, ווען עס האָט עקסטאַז גרויס־אויגיק
געמאַכט אַ פריינטלעך־ליבלעכע פאַרנויגונג
און צוגעזאָגט פאַרגעסונג מיר.

15

איצט האָט געעקט די רגע פון פיל רגעס,
די אָנגעזאַפטע, שווערע, ווי אַ שוואָם,
מיט צייט פיל־מיליק — ביז די לעצטע ברעגעס.
דער לעצטער טראָפּן איז אַריין אין תהום.

דעם רוים פאַרשלונגען האָט דאָס רויטע מעסער.
מיין האַרץ האָט שוין געהערט זיין אָטעמען.
כ׳האָב זיך געזאָגט: „עס איז אַזוי דאָך בעסער;

זאָל שטעכן עס און זאָל גערזאָטן אים.
דערוואַרט איך דען אויף נאַכטיקן געלעגער
עס זאָל אַ מאָרגנדיקער בריוון־טרעגער
אַ בשורה גוטס דערלאַנגען מיר?"

16

ס'האָט נישט פּאַסירט. עס האָט נאָך נישט געהויערט
קיין חלף איבער מיר אין בייזן גזר.
נישט די נאַכט האָט מיט מאָרד אויף מיר געלויערט,
געשפּונען זיין געשפּינס האָט מיין קאָשמאַר.

יאָ. די לבנה האָט איר לעצטן האָרן,
פאַר איר פאַרגיין, געבלאָזן פייערדיק.
משמעות, צו פאַרבלייבן אין זכרון
מיט אַנגסט, וואָס מאַניעט אומגעהייערדיק,
כדי דערנאָך מיט צערטלעכער אידיליע
צוריקקומען אין זילבערנער מאַנטיליע
מיט נייעם כישוף איבער מיר.

17

אַ ראַנד אַ צונטערנער פון דער לבנה
מיט גרויסע ווייסע בליקן רונד אַרום,
דיביימער — שטרענגע וועכטער פול כוונה,
פאַראַדנע נאַכטיקייט, פאַרטאַיעט, שטום —

כאָטש כ'האָב אַראָפּגעשיילט מיט חושים קלאָרע
די אומקלאָר, די קאָשמאַריק־טרוימישע,
ווי ס'מעסער שיילט די איינגעשפּאַרטע קאָרע
אַראָפּ פון העלע לייבער בוימישע,
האָב איך ערשט איצט, אין ניכטערער דערוועקונג

געקוקט אויף דער געוואַלטיקער אַנטפּלעקונג,
וואָס האָט זיך אויפגעראָלט פאַר מיר.

18

דאָס אָפּגעזונדערטע און שיינע ווינקל
פון אַ ניו־דזשוירזער פּיצל זומער־לאַנד
האָט מיט די שאָטנס זיינע און געפינקל
צעוויגט די גרונטפעסטן פון דעם פאַרשטאַנד:

פון זיי געמאַכט אַ פליענדיקע הוידע.
אַריבער וויסן און פאַרשטענדעניש
האָב איך געזען די שעה ווי אַן עבודה
פון סאַמע ערד־גייסט — אין פאַרשווענדעניש.
און איך אַליין — אי לייבלעך זיך באַטייליקט
אין ריטואַל, אי זיך געפילט געהייליקט
צום סוד, וואָס בלייבן וועט אין מיר.

19

די יונגע קו האָט אַלץ גערעוועט הילכיק,
איר רעווען האָט דערלאַנגט צו העכסטער ווייט.
איר מאָנונג איז דערגאַנגען ביז צום מילכוועג
און אָנגעפילט די פיבערדיקע צייט.

צומאָל האָט זיך דאָס רעווען ווי אַנטקרעפטיקט,
געוואָרן וואָי, ווי ס׳קרעכצט אַ חיה שטאַרבנדיק.
איר הייסער אייטער האָט באַגערט באַהעפטונג,
געזוכט פון מוטערשאַפט דעם האַרבעריק.
האָב איך נישט אין דעם ליכט־האַרץ פון די שטערן
געשפּירט דעם ווייַ פון דאָרשטיקע באַגערן,
דעם רוף, וואָס גוט באַקאַנט איז מיר?

## 20

דאָס לעבן מאָלט געהיים דאָס דמות פון אַלעם,
און מענטש — דער ציל־פורעם פון גרויס און קליינס.
אין די מדבריות, צווישן די גלגלים,
ווייגט, וואָיעט אויך דער ציטער־קראַמף פון איינס.

און גיט אַ שטערן מיטאַמאָל אַ מיניע,
ווי אומדערוואַרט אַ העלן שפּריץ געטאָן,
און איבער הימל־בויג אין גראָדער ליניע
אַ פאַל געטאָן, אַ זילבער־בליץ געטאָן,
דערשפּיר איך אין די אינערלעכסטע גרונטן,
אַז אויבן דאָרטן איז אַזוי ווי אונטן,
און אַלץ אַ משל בלויז פאַר מיר.

## 21

צום אויבן, צו די שטעט, צו די מדינות
פון פייער — ווייסן, בלאָען, רויטן ליכט —
האָב איך מיט אַלע אָפענע פּרוזשינעס
פון האָפן איצט געוואָגדן מיין געזיכט.

די שטערן, ווי צום ערשטן מאָל דערבליקטע,
האָב איך, ווי פרימסטער פון מתפללים,
די גאָט־פאַרשיכורטע, די גאָט־געשיקטע,
וואָס פרעפלען אָדער שאַלן הלל אים —
די שטערן האָב איך מיט אַ שטילן הימען
געבעטן: גיט אַ צייכן, ווייזט אַ סימן,
אַז ס׳פאַלט פון אייך אַ בליק אויף מיר.

## 22

ס׳האָט נישט געשפּראָצט קיין מינדסט אַנטפלעקונג־זאַנגל
אין הימלס גאָלדיק־זילבערנעם פאַרזיי.

בלויז דאָס: ווי פון אַ קאָסמאָסדיק געראַנגל
האָט דורכגעשלייכט אַ זיפץ פון גזר און ווי.

און כ׳האָב געזען אַ בילד פון פרוי, פון מאַמע
אין ווייטע, קאַלטע הייכן וואַנדערן,
מיט אירע אָרעמס אין יסורים סאַמע
זיך שפּרייטן פון איין עק צום אַנדערן.
אַזוי, ווען כ׳האָב אין ווייטיקן געדרייט זיך,
האָט לאַנג צוריק אַ טרייסטלאָזע געשפּרייט זיך
מיין מוטערס אוממאַכט איבער מיר.

## 23

דורך שליאַכן, געסלעך, ליקעס, ליקלעך
גייט אויף אַ ליכט, וואָס גלייך איז און נאָך מער,
צום גרעסטן שטערן. ס׳ליכט קאָן מאַכן גליקלעך
מיט בלאָער בשורה, וואָס דערלויכט אַהער.

ס׳איז מאַמעשאַפט דער ערשט פון יעדער ציפער,
דאָס פּנים פון גענאָד איז מאַמעשאַפט,
זי שמייכלט צו דעם זינקענדיקן שיפער,
אַ וועג אין תוהו פון דעם ים באַשאַפט.
האָט דיך דעם צווייטנס וואונד געבריט, ווי דיינע?
דאָס האָט געברומט אין דיר די מאַמע־טענה,
וואָס בינדט דיך אין אַן איינס מיט מיר.

## 24

אין זיך־פאַרגעסונג לעקט די קו איר טאָכטער.
די פויגל־מאַמע, פרום און שעהן־לאַנג
טראָגט נערונג צו איר קינד אין זאָרג פאַריאָכטער.
די קאַץ לערנט ס׳קעצל לויער, שפּרונג און פאַנג.

זוך דאָ דעם ענטפער, דאָ די קרוין־מחשבה,
די ליבשאַפט, חסד און דערבאַרעמקייט.
זי צוימט די שטורעם־לייבן, די מערצאָווע,
זיי ווערן לעמער גוטס און וואַרעמקייט.
ס׳וואָלט וועלט מיר סדום געווען, איר האַר בלויז מולך,
ווען ס׳וואָלטן אויגן לייטזעליק און פרויליך —
אַמאָל כאָטש נישט געבליקט אויף מיר.

25

ס׳האָט די מחשבה פון דעם גרויסן בויער
צעשטראַלט די מאַמעשאַפט צום ווינקל־שטיין.
נאָר דאָס געביי איז דאָך אַ הויז פון טרויער,
און איטלעך ווינקל — אומגליק און פאַרגיין.

ווען כ׳זע די פלאַטשיק־טעמפּע טשערעפּאַכע
אין מאַמע־רוף, זינגט יעדעס זעמדל פריידיקייט.
נאָר ווען די זון שיינט אויף דעם מאָרד פון שוואַכע,
שרייט פון דער אַל־וועלט טויבע לײדיקייט.
גייט דאָ אַ ברוגז־טאַנץ, אין סומנער אומרו,
פון וואָר און קוקער און רייצט אָן די חומרא
פון שפּיגל־אָפּשפּיגלונג אויף מיר?

26

ס׳איז שפּיגל־אָפּשפּיגלונג — די גאַנצע חידה.
דער שפּיגל ווייס נישט, אַז איך קוק אין אים.
אים אַרן נישט די אויגן, וואַכע, מידע,
מיין פריילעכע צי שלוכצנדיקע שטים.

נאָר ווער איז אָפּשפּיגלונג און ווער דער שפּיגל?
מיין אויג וואַרפט שוואַכע ווענטקעס וויסיקייט.

איך פליס — און בין דער שפּיגלענדיקער ציגל
אין דעם פֿאַרבלענד פֿון הפקר־פּליסיקייט.
כ׳וויל וויסן און איך קאָן בלויז זען און קוקן,
ביז ס׳וועט דער פֿיבער פֿון דעם שפּרינגען, צוקן
צעפֿלאַמען ס׳פֿינטל וואָר אין מיר.

27

איך טראָג אין זיך אַ פֿונק פֿון פֿייער אויבן,
און דריי זיך אין אַן אייביקן געדריי.
איך בין אַ שטויב, נאָר אייניציקער פֿון שטויבן,
וואו ס׳וואונדיקט מיטלייד, און וואָס מאָנט אין וויי.

דורך מיר דערקענען זיך אַליין די ליכטער.
דורך מיר דערוויסט זיך נאַכט פֿון נאַכטעניש.
דורך מיר לאַכט־אויף מיט קינדישע געזיכטער
דער זין דורך פֿריידיק־פֿרייער דאַכטעניש.
עס איז מיין אומגליק וואָר, ווי אָקס און שוחט.
נאָר גליק איז נישט קיין שקר אויכעט.
ווען כ׳קוק מיט עכטסטן קוק אין מיר.

28

ס׳איז דאָ דאָס אומגליק און ס׳איז דאָ דער טרויער.
איך וויים צו ווינציק און איך וויים צו־פֿיל.
איך זע פֿאַר זיך אַ האַלב־צעעפֿנט טויער,
וואו ס׳שטייען שומרים צוויי פֿאַרטאַיעט, שטיל.

איין שומר פֿריינדלעך און איז גרייט מעת־לעתיק
מיט ברויט און זאַלץ פֿאַר יעדן וואַנדערער.
אַ ביטערניש און סאַמע לויג מיט עסיג,
און שטרענגסטער אָפּשטויס — איז דער אַנדערער.

און הינטער יענעם טויער שטייט דער מייסטער
מיט צו־פיל פנימער און צו־פיל גייסטער.
איז טרויעריק אַן גרענעץ מיר.

29

אַ נייער טאָג איז פון דער נאַכטס געמעכער
דערווייל אַרויס, באַשיינט אַ יונגע וועלט.
ער האָט — אַ ברייטער, שטראַלנדיקער פעכער —
צעוויקלט זיך און גיבורדיק געהעלט.

אויף גראָזן,ביימער, חיות, מענטשן־הייזער —
האָט וויסיק איצט געגרוט אַ בייטעניש.
און איך? געלוישט צו דעם טיק־טאַק פון ווייזער,
און בין אַרויס ווי אין אַ וויטעניש.
וואוהין? צום טויער מיט די שומריםביידע.
הכנעה און רחמנות, מיינע עדות —
באַשיצט, שטייט־ביי אַצינדערט מיר!..

וואודפערן־פאַרם, נ. דזש.
אויגוסט־סעפטעמבער, 1952.

ה. לייוויק

# פ אַ נ י ע

ס׳איז אין גייסט פון פאַניען ע״ה איך זאָל שרייבן וועגן איר אין שטילע איינגעהאַלטענע ווערטער.

אויך די איינגעהאַלטענע ווערטער קומען מיר ניט אָן אַזוי לייכט.

שרייבן וועגן איר אין ליד אָדער אין פּאָעמע איז דער פּאַסיקסטער אופן.

איר געשטאַלט זעט זיך מיר טאַקע אין וואָרט־דורכזיכ־טיקייט פון אויפגעזונגענע שורות. אָבער די שורות ווערן איינגעהילט, און וועלן שוין בלייבן איינגעהילט, אין טרויער.

און איבערן טרויער הויערט די שיינע שטילקייט וואָס רינגלט אַרום איר געשטאַלט.

צו איר אײדעלער און טיפער נאַטור פּאַסט זיך מער ווי אַלץ טאַקע אָט די שטילקייט וואָס האָט געשטימט מיט איר דרך אין לעבן, מיט איר גאַנצן וועזן, מיט איר אמת קינסטלעריש באַנעמען די טראַגיק פון דעם מענטשן אויף דער ערד. זי איז געווען דורך און דורך אַן עכט קינסט־לערישער מענטש.

דער חן פון איר געשטאַלט לאָזט ניט מסכים זיין אַז זי איז ניטאָ מער צווישן אונדז, לאָזט ניט מסכים זיין צו רעדן וועגן איר בלשון עבר.

איך דאַרף זיך אָנטאָן אַ כוח צו רעדן וועגן איר און ניט צו איר — צו אַ הערנדיקער, צו אַ זעענדיקער — ווי כ׳בין געווען געוואוינט אין משך פון לאַנגע צענדליקער יאָרן וואָס איך האָב געקענט פאַניען און א. גלאַנץ־לעיעלעס אין נאָענ־טער פריינדשאַפט, אין נאָענטער שטוביקייט.

און פאַניען האָב איך געזען צום ערשטן מאָל נאָך פריער, איידער אַפילו גלאַנץ־לעיעלעסן.

איך האָב זי צום ערשטן מאָל געזען אין 1907, מיט זיבן און פערציק יאָר צוריק, אין מינסקער טורמע אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד. מען האָט זי געבראַכט מיטן עטאַפּ, אַ פּאָליטיש־אַרעסטירטע, פון קיעוו און אַריינגעזעצט זי אין איינער פון די קאַמערן אויפן פּרויען־קאָרידאָר, אונטער דעם קאָרידאָר וואו עס האָבן זיך געפונען די פּאָליטיש־אַרעסטירטע מענער. איר קאַמער איז געווען אונטער דער קאַמער וואו איך בין שוין געווען אַ תושב מער ווי אַ יאָר צייט.

פּאַניעס אַ מיט־אַרעסטירטן, אויך אַ געבראַכטן פון קיעוו, האָט מען אַריינגעזעצט אין דער זעלביקער קאַמער וואו איך בין געזעסן, און דורך אים האָב איך זיך מיט פּאַניען באַקענט, — ניט פּערזענלעך, נאָר דורך די צעטעלעך, וואָס איר בן־עיר פלעגט אַמאָל שיקן צו איר מיט דער הילף פון פּאָדעם־טעלעפאָנען אַראָפּגעלאָזטע פון די אייבערשטע פּאַר־גראַטעוועטע פענצטער צו די אונטערשטע, און אַמאָל מיט דעם זעלבן פּאָדעם־טעלעפאָן אַרויפציען אַ צעטעלע פון איר מיט אַ גרוס אויך צו מיר. דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף מיין גרוס, וואָס איך האָב געבעטן דעם בן־עיר אַז ער זאָל עס איר אין זיין צעטעלע איבערגעבן.

דורך די גראַטעס פונעם פענצטער האָב איך טאָג נאָך טאָג,ביים זייט פון מיין שכן, פּאַניעס בן־עיר, געקוקט ווי פּאַניע שפּאַצירט אַרום איבערן טייל פונעם טורמע־הויף, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר די פרויען־אַרעסטירטע, און וואָס איז אויסגעקומען כמעט אַנטקעגן אונדזער פענצטער. איך האָב מקנא געווען מיין שכן וואָס פּאַניע איז זיין פריינד, און וואָס פון צייט צו צייט, פאַרביישפּאַצירנדיק, גיט זי אַ הייב־אויף אירע אויגן צום פענצטער אונדזערן אויפן צווייטן שטאָק. דער דאָזיקער שפּאַציר, די אַזוי־גערופענע „פּראָגולקע״, האָט געדויערט אַ האַלבע שעה, אַן ערך, איין מאָל אין טאָג.

פּאַניע האָט אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש פון אַלע איבעריקע פרויען־אַרעסטירטע, וואָס האָבן גרופּעסווייז אַרומ־

געשפּאַנט הין און צוריק. זי האָט שטענדיק שפּאַצירט אַליין, און ס'איז געווען אין איר געשטאַלט אַ גאַר באַזונדערער חן וואָס האָט זי אויסגעטיילט פון אַלע איבעריקע.

פאַר גלאַנצן, מיט וועמען זי האָט זיך באַגעגנט דאָ אין אַמעריקע שוין (זיי זיינען ביידע געקומען קיין אַמעריקע אַ סך פריער פאַר מיר), פאַר די אַפּאַטאַשוס און פאַר מיין פרוי, וואָס דאָס לעבן הי האָט אונדזערע אַלע משפּחות פאַרקניפּט אין אַ שטענדיקער פריינדשאַפט, האָב איך ניט איין מאָל דערציילט ווי פאַניע האָט אויסגעזען אויף יענע טורמע־שפּאַצירן אין 1907. פאַניען אַליין האָב איך עס ניט איין מאָל דערמאָנט, און זי פלעגט שעמעוודיק קלוג און ליב אַ שמייכל טאָן דערביי. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, איבער־הויפּט ווען זי האָט שוין געטראָגן אין זיך די סימנים פון איר פאַטאַלער קראַנקייט, און זי איז געווען קלאָר באַוואוסט־זיניק וועגן דעם, איז איר קלוגע שעמעוודיקייט אין איר שמייכל ביים דערמאָנען יענע שפּאַצירן אירע איבערן טורמע־הויף איבערגעדעקט געוואָרן מיט אַ שאַרפן, אָבער גוט קאָנטראָלירטן, טרויער.

שלאַנק, אַריסטאָקראַטיש־שיין האָט זי אויסגעזען אויף יענעם טורמע־הויף — אין יענע שיינע יאָרן פון דער ערש־טער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, — אויף יענעם אַרומשפּאַנען אירן מיט אַ יונגן שטאָלצן גאַנג, מיט אַ לויטערער אַטמאָס־פערע פון אַ פערזענלעכקייט, וואָס האָט ביי אַלעמען פון אונדז, דורך די גראַטעס קוקנדיק, אַרויסגערופן באַוואונדע־רונג.

איר אויפהאַלטן זיך אין מ. טורמע האָט געדויערט עטלעכע חדשים. אָבער אין מיר איז געבליבן אויף אַלע מאָל דער איינדרוק פון יענער פאַניעשער פערזענלעכקייט. דער איינדרוק מיינער איז ניט נאָר ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין מיר אין די אַלע יאָרן פון אונדזער פריינדשאַפט דאָ אין אַמעריקע, נאָר, פאַרקערט, נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן.

די שטוב פון פאַניע און א. גלאַנץ־לעיעלעס האָט גע־

טראָגן אויף זיך אַ פולן חותם פון יידישער שעפערישקייט, און פאַניעס חלק אין דעם איז געווען אַ גאַר באַדייטנדיקער. זי איז אַליין געווען, צוגלייך מיט לעיעלעסן, אַ דיכטערישער מענטש. זי האָט פאַרמאָגט אין זיך וויסן, ראַפינירטע אינ־טעליגענץ און באַשיידענע קינסטלערישקייט. זי האָט אויך געטראָגן אין זיך טיפע אָנונגען פון טראַגישקייט, ניט נאָר אין שייכות מיט איר אייגענער, שפּעטערדיקער, קראַנקייט. זי האָט בכלל געוואוסט וועגן דער טראַגיק פון ליידן, און — וועגן דער שיינקייט פון ליידן שטיל. זי האָט געוואוסט דערפון אַפילו אין מאָמענטן ווען איר נשמה האָט אויפגע־שריען אין פּראָטעסט, אין שאַרפקייט פון אינערלעכן צער.

מיר, די שטוביק־נאָענטע צו די גלאַנצעס, האָבן צו־געזען דעם לאַנגיאָריקן פּראָצעס פון פאַניעס פאַטאַל־קראַנק ווערן און פון איר ביסלעכווייז־דערנענטערן זיך צו דעם וואָס מוז קומען. מיר האָבן צוגעזען די לאַנגע נסיעה אירע צו איר לעצטן טאָג. מיר זיינען געשטאַנען פאַרוואונדערטע, אין גרויס יראת הכבוד, פאַר איר שטילער מוטיקייט, פאַר איר איינגעהאַלטן־שווייגנדיק קוקן אין די אויגן פון גזר, פאַר איר וויסן אַז דער גזר קומט און דאָך אויסמיידן צו זאָגן אַ וואָרט וועגן דעם. מיר, וואָס האָבן צוגעזען ווי אַזוי זי איז אַריבער די גרענעץ פון וואַכיקייט און איז אַריין, אויף יענער זייט גרענעץ, אין אַזאַ מין נאָכאַנאַנדיקן אויפלייזנדיקן שלאָף, און האָבן פאַרנומען די אומבאַגרייפלעכע אַכזריותדיקייט פון אַזאַ מין חדשים־לאַנגן שלאָף — אומפאַרדינט אַכזריות־דיק איבערהויפּט צו אַזאַ ריינעם מענטשן ווי פאַניע, — מיר האָבן אין דער זעלבער צייט אויך פאַרנומען די מיסטעריע פון איר נסיעה, דעם וואונדער פון פאַניעס אויסגערייפטער שיינקייט.

ניט איין מאָל, קוקנדיק אויף איר ווי זי פאַרגייט, האָב איך זיך דערמאָנט אָן אירע שפּאַצירן מיט זיבן און פערציק יאָר צוריק איבערן הויף פון מ. טורמע, ווי זי האָט געטראָטן איבערן קליינעם שטח מיט שטאָלצע געמאָסטענע טריט,

ווי זי האָט געהאַלטן הויך דעם קאָפּ און געשיקט חברשע בליקן צום פענצטער אונדזערן אויפן העכערן שטאָק. ניט איין מאָל, קוקנדיק אַזוי, האָט זיך מיר געדוכט אַז אויך איר ליגן אויפן קראַנקן בעט איז אַזאַ מין שטילער שטאָלצער גאַנג מיט וואונדערלעך געמאָסטענע טריט.

ניט איין מאָל האָב איך געפילט ווי צוצופאַלן צו איר פּנים און זאָגן: פאַניע, הייבט נאָכאַמאָל אויף די אויגן אייערע צום פאַרגראַטעוועטן פענצטער אונדזערן.

אירע אויגן האָט זי אין איר לאַנג־נסיעהדיקן שלאָף זעלטן ווען געעפנט, דערפאַר זיינען אירע דין־געוואָרענע הענט געווען אָפן פאַר די וואָס האָבן געקוקט אויף זיי. זיי האָבן געלויכטן דורכזיכטיק, לויטער און רחמימדיק, ווי זיי וואָלטן עפּעס אָנזאָגן, — עפּעס וועגן אייביק־לעבן.



פֿאַניע גלאַנץ
צו צוואַנציק יאָר

א. לעיעלעס

# פון דרימל ביז דרימל

## דאָס בוך און דער מולך

זי שוואַרצע מיימי לייענט פאַר די ביבל
און מיט כוונה זאָגט: „גאָט איז מיין פאַסטעך"
די קראַנקע פרוי האָרכט איין זיך אָן פאַראיבל
און זאָגט: „ער לייגט אין בעט, ער לייגט אין גאַס דיך".

די שוואַרצע מיימי איז מיט גאָט פאַראייניקט,
זי היט די קראַנקע, ווי איר קינד אַ מאַמע.
זי שפּייזט זי, וואַשט זי, וואַרעמט, רייניקט.
די קראַנקע פרוי הערט פרומע ברכות סאַמע.

די שוואַרצע מיימי ביבלט: „ביסט אַ גוטע.
גאָט היט די גוטע אין דער שטיל און שטורעם".
די קראַנקע שמייכלט גינציק, אַ באַרוטע,
און מעקט אַראָפּ פון פּנים די יסורים.

די שוואַרצע מיימי גלעט דער קראַנקערס פּנים:
„די שלאַפע העלפן — דאָס הייסט גאָט אין הימל.
קיין שטויבל פאַלט דאָך נישט אַרונטער אָן אים".
די קראַנקע שווימט אַוועק אין ווייטן דרימל.

אין חלום זעט זי זיך ביינאַנד מיט מיימי.
זיי קומען אָן צום טראָן פאַרשטילטע, מידע.
און אָנגעקומען, זאָגט די פרוי אָן אימה:
„ס'איז מיימי דיין געבענטשטע בת־יחידה.

„זי איז אַ מלאך. ס'זיינען דאָ מלאכים,
כאָטש, גאָט, מיט דיר אַליין בין איך נישט זיכער.

איך בין אַ מענטש. דער מענטש, אַז ווי און אַך אים,
זעט ווינציק גוטס, אין שטילקייט צי אין וויכער.

דיין אַלמאַכט איז אַ שפּיז אין מיין זכרון.
איך האָב באַגערט דעם וויכן שמייכל פון באַדויער,
אַ ביסל מיטלייד. אָבער מיט די יאָרן —
איך זע אַ האַרטן זקן דיך, אָן טרויער.

דו ביסט אַ דורכפאַל און דער מענטש — אַ מפּיל
פון אַ געדאַנק, וואו ס'ליגן גרייזן זיבן.
ווען נישט אין האַלדז דער וואַרגנדיקער צאַפּל —
איך וואַלט אַ ריכטיק בוך דערפון געשריבן.

די שוואַרצע מיימי לעשט די ליכטער אין דעם צימער,
ס'בלייבט גליען בלויז אַ לעמפּל, טונקל־בלוילעך.
די קראַנקע פרוי זעט נישט דעם קאַלטן שימער.
זי בליקט אין אויג פון אַ פאַרטרוימטן מולך.

זי שטרענגט זיך אָן, חיל אָפּשטעלן דעם קוק אים,
נאָר ער באַגערט זי הייסער, שטאַרקער, מערער.
די שוואַרצע מיימי פּרעפּלט פרומע פּסוקים,
די קראַנקע אָטעמט שווערער, שווערער, שווערער.

## דער טאַטע

זי זעט אַ שטוב, וואָס גוט באַקאַנט און היימיש,
און טייער די געשטאַלט, די פּעסטע, הויכע,
וואָס איז מיט זיך אי יאָ, אי נישט בשלימות,
און בעט אַלץ: „גאָט, באַשער איך זאָל זיין זוכה.

„באַשער עס זאָל מיין ציטערדיקע בענקשאַפט,
וואָס האָט געפלאָמט אין יעדער שעה פאַריאָכטער,
דורך טעג און נעכט פון יאוש, נויט און ענגשאַפט
אַ תיקון קריגן אין מיין עלטסטער טאָכטער.

„אויף איר מיין האָפן. האָט אַ קאָפּ אַ גוטן,
און האָט געדאַרפט מיין קרוין זיין, מיין מוזינעק.
וואָס איך געוואָלט, געדאַרפט זיין, אַלץ לחלוטין,
קאָן זי מתקן זיין און מאַכן זיניק".

די קראַנקע שמייכלט. בידנער פאָטער, נעבעך.
האָט אַלץ געטאָן פאַר זיינע קינדער אַלע.
נאָר זי — „פאַר דיר איך אַרבעט, מי זיך, לעב איך,
דורך דיר זאָל ווערן מיין געמיט נתעלה".

די קראַנקע שמייכלט. איז זי דאָך שוין איצטער
פיל עלטער, ווי געוועזן איר פאָטער דעמאָלט.
זיין טרוים, דער העלער, האָפערדיק־צעבליצטער,
האָט מער אין איר געטליעט ווי געפלעמלט.

זי האָט געוואָלט דעם טאַטן גראָד צוליב טאָן.
נאָר תויערט נישט אין אָט דער וועלט פון טרויער
אַ גזר, אַז צו דעם מענטש, וואָס מער מען ליבט אים,
אַלץ מערער טוט מען אים פאַרדרייט, קאַפּויער?

זי איז נאָך איצט צו ווינען אָפט קאַפּאַבל,
פאַר דעם פאַרשאַפטן, הארבן עגמת־נפש.
אים האָט שוין לאַנג פאַרשווענקט דער טויטער מבול,
און זי — זי ליגט אין בעט זיך ממש גרעפּיש.

עס שמייען ווייסע וואַרטאַרינס אַרום איר,
זי איז פאַר די כמו אַ קינד אין וויגל.
זי ווייס קוים, צי ס'איז ווינטער אָדער זומער,
און האָט שוין לאַנג נישט אָנגעקוקט קיין שפּיגל.

די נאָנטסטע, ליבסטע שאָטענען פאַרביי איר,
זי וואָלט צו זיי גערעדט, ווען ס'קלעקט איר אָטעם.
אַ וואונק? אַ מינע כאָטש אַ ביסל פרייער?
אַ שמייכל? טיף, גאַנץ טיף אין זיך — זי האָט אים.

בלויז איינמאָל איז דער אָנשטרענג איר געלונגען.
זי האָט איר מאַן געשענקט אַ גוטן שמייכל.
זי האָט געשפּירט: אין אים האָט זיך צעקלונגען
אַ פרייד אַריבער וואָר און איבער שכל.

און נאָך אַמאָל. אַ פריינד אַ גוטער, ליבער,
האָט איר געזאָגט „גוט־נאַכט". זי האָט געענטפערט.
דער פריינד האָט דאַן מיט גאָט געקוקט זיך איבער.
נו, יאָ. אַ גאַנצע וועלט אין וואָרט פאַרלענדט ווערט.

און אויס. נישט מער גערעדט. אַנטשוויגן גענצלעך.
די וואָרטאַרינס, זיי שמייען, טראָגן שפּייז איר.
זי עסט. — און שטייגט אַרויף אין ווייסע קרענצלעך
אויף שטאַנג פון אָפּגעשטעלטן זייגער־ווייזער.

זי וויל איצט וויינען. נישט איר אומגליק גופא
וויל זי מיט באַכן טרערן מאַכן גרינגער.
נישט איר באַשטאַנד אויף נידעריקסטער שטופע
פון שוואַכקייט — טויטע הענט און שטייפע פינגער.

אויך נישט, ווייל דווקא איר האָט קרום דער גורל
פאַרגרייט אַ שטאַרבן, ווי אַ בייז לצנות —
דער טויט האָט טריטלעכווייז, דורך שמאָלסטן טוירל,
געשלעפּט צו זיך — אָן איינזע, אָן רחמנות.

גראָד זי, וואָס האָט געהילט אין זיבן שאָלן
איר מינדסטן מום, איז ווילד געווען פאַרמשפּט
צו זען איר אַלע וואונדן זיך צעפּראָלן
אויף אומפאַרשעמטן, חוזקדיקן טיש־בעט.

גראָד זי, וואָס האָט געבענקט צו ווערן נעלם
זינט ס'האָט די ווייסטע קרענק אין איר געגעסטיקט;
צו זיין אַ שפּאָן, וואָס ים פאַרטראָגט בליץ־שנעל אים,
אַבי נישט ווערן קיינעם שווער און לעסטיק —

גראָד זי האָט די אומענדלעכע חדשים
געזען ווי עפּעס נאָר אַ פּעלד אָ ריזיקס,
וואו ס׳ווערט איין זאַנג מיליאָנען מאָל געדראָשן,
און ס׳בלייבט נאָך אַלץ איין זאָמען נישט געניזוקט.

דער לעצטער לעבנס־זאָמען. ס׳אַראַ גבורה,
וואָס פאַר אַ חוזק, חרפּה, לעסטער, טרויער,
פאַר זיך, פאַר די, וואָס שטייען אין אַ שורה
צו טאָן איר ווילן מיט געשפּיצן אויער.

ניין, נישט אויף זיך דאָס מיטלייד רעגט אַצינד זי.
האָט זי דען נישט געמאָנט ביים אָפּעראַטאָר
ער זאָל נישט וועקן, לאָזן זי פאַרשווינדן —
אַכט יאָר צוריק, ביים אָנהייב פון איר מאַטער?

זי וויל באַוויינען פאָטערס טרערן אַלטע,
זיין חלום — אין דעם ווינט אַ ציטער־פלעמל.
געוואָלט האָט ער זי זען אַ רויז צעשטראַלטע,
געוואָרן איז פון איר אַ סקראָמנע שוועמל.

דאָס שוועמל האָט אַ שטאָלצן קאָפּ געטראָגן
און מענטשן אָפּט דערמיט פון זיך דערווייטערט.
דער קאָפּ האָט אָפּט זיך אין דער וואַנט געשלאָגן,
נאָר נישט דערפון געוואָרן אויפגעהייטערט.

זי האָט מיט פליטער־דרויב זיך נישט באַנוגנט.
אויב ווינציקער, ווי ס׳העכסטע — ליבערשט שטרוזיכל.
„אָ, טאַטע טייערער, כ׳געדענק מיין יוגנט,
און כ׳ווייס, דו ביסט מיין דורכפאַל אויכעט מוחל.

„כ׳האָב צוגעזען, ווי ס׳איז דיין כשר לעבן,
אַ שווייגנדיקע סתירה אין געראַנגל.
איך זע דיך שטיין דאָ ביי מיין בעט דערנעבן,
דו זעסט מיך ליגן אונטער זעלבער מאַנגל.

„דורך מיר גייט אַ געוועדק פֿון שווערע רעדער,
און פּלאַטשיקט אויס מיך שטונדיק און מעתלעתיק.
ס׳מעג מיין זכרון זיין איצט גרינגסטע פעדער —
אויף דיר קיין שליטה האָט נישט די פאַרגעסונג.

„דיין דורכפאַל האָט געשפּילט אויף צאַרטסטער סטרונע
פון טאָכטערשאַפט אין מיר — אַ דינע אומעט־גאַמע.
דיין טויט האָט מיך צעעפנט ווי אַ ברונע,
אין אירע טיפן — כ׳בין געוועזן דיין מאַמע.

„אָ, טאַטע ליבער, איך האָב אויסגעטראָגן
דריי קינדער אייגענע מיט פרייד פון פרילינג.
איך ווייס, וואָס ס׳מיינט דאָס הייסע וועלן קלאָגן,
ווען קיל און ווייטלעך שימערט די דערפילונג.

„איך ווייס דעם טרויער פון דער גרויסער ליבשאַפט,
איך ווייס די שאַרפקייט פון דער לעצטער שיידונג.
איך גיי צו דיר באַוואָרנט מיט פאַרגיבשאַפט,
וואָס דיין געטריישאַפט טראָגט מיר מיט פאַרגרייטונג".

## דער גלייכגילטיקסטער האַר

דער דאַרער, פינצטער־פּנימדיקער גיבור
פון אַלץ דער קעפער, זעלבסט דער נישט־געקעפטער,
האָט זיך געצויגן אין דעם הויז אַריבער
און דאָרט געוועלטיקט מיט זיין שטרענגען צעפּטער.

מיט קאַלטער, זיכערער געדולד און לייכטקייט,
מיט בלויזן הויערן, אומבייגיק־שטענדיק,
האָט ער געטריקנט יעדע לעבנס־פייכטקייט,
געוואַרט ביז ס׳וועט זיין שליחות זיין פאַרענדיקט.

ביים לעצטן לעבנס־בלעזל האָט ער פלוצים
פאַרקוקט זיך אויף דער קראַנקערס ברייטן שטערן,

און דאָרט געלייענט קשיות אָן תירוצים,
און אָפּגעשטעלט זיך — דאָס־אָ צו באַקלערן.

נישט אָפּט אַזוינע קשיות שווערע, האַרבע,
באַגעגענען די שאַרפע בליקן זיינע,
סעקונדעסווייז די לעבנס דאַרבן־שטאַרבן,
ער קען שוין אויסעווייניק יעדע טענה.

און דאָ — קיין טענה, קיין שום קלאָג־נודאָטע,
בלויז פּראַגעס גורלדיקע, ווי זיין שליחות,
וואָס חוזקט פון אַנעמישער חרטה
און ענטפערט אויף גענאַד מיט קלעפּ פון וויכערס.

דער שוואַרצער פּרינץ... — האָט זיך געטאָן אַ וואַקל
זיין זיכערקייט אַקעגן אירע פּראַגעס?
ער קען געגנוי און פול שוין דעם סך־הכל
פון אַלע יענע נישט־דערזאָגטע קלאָגעס,

וואָס יעדער טראָפּן שווייס האָט אים געשילדערט
אויף דעם געוועלבטן קאָפּ פון דער חולנית.
ס'איז יעדער טראָפּן אָן אין־סוף פון בילדער,
און יעדעס בילד — אַ הייל פון טויזנט ראַנעס.

ס'איז נישט זיין זאַך. געוויס איז אים נישט נייטיק,
עס זאָלן אים אַזוינע הײלן אָרן.
ער איז דער האַר און דיריגענט פון ווייטיק,
דער גלייכגילטיקסטער האַר פון אַלע האַרן.

⁂

און דאָך, דאָס מאָל האָט ער זיך אָנגעשטויסן
מיט היפּוך זיינעם. שבט — אַקעגן תמוז.
איר גייסט האָט פון דער טיף געקוקט צום דרויסן
העט־העט אַריבער אירע דלד אמות.

ס׳דערמאָנט זיך דער, וואָס וויקלט אויף אַצינדערט
פון לעבנס סוף די פּאָרכטיקע מגילה:
די צייט, די רויבערין, האָט נישט געמינדערט
איר אָפּרוף, וואַכיקייט, די טיפע, שטילע.

איר נייגער האָט געבלישטשעט צוואַנציקיאָריק,
ווען זיקנה רופט צו זיך שוין אויף אַ סעסיע,
און נישט קיין סתם זיך דרייען אויפן קאָרעק,
נאָר טעטיק מיטגיין אין דער וועלטס פּראָצעסיע.

פון טאָג די בייס, דער קרום־וועג פון היסטאָריע,
די שלאַפע ערלעכקייט, דער שנאהס סמאַליען —
אַלץ האָט געאַרט זי. — נאָך באַלאַכט די גלאָריע
פון טיראַניי: אין מתים־קאַסטן — סטאַלין.

איר גרעסטע ציאונג — שיפן. „אַ לעגענדע״.
דער ים — די גרויסע אָרעמס פון דער ווייטקייט.
נישט אָנלאָבן געקאָנט זיך מיט די בלענדן
פון ים, זיין שטענדיק־יינגלשער פאַרשייטקייט.

„דו זעסט, ווי ס׳שניידט די שיף דאָס וואַסער?
ס׳שניידט גראַדער קיין כירורג נישט אויף קיין ראַנע.
דאָרט רויטס. דאָ ווייסער שוים, וואָס איז מבשר
זיג איבער שטח. כ׳בין דעם זיג מקנא.

„אויף ד ע ר מאָדערנער תיבה, שטאָל־געקאָוועט,
זיך לאָזן וואו אַ שטאָט,וואו אַ מדינה.
כ׳וויל זען דעם ספינקס, כ׳וויל זען די שטאָט פון דוד,
און אַפריקע און אינדיע און כינע.

„ס׳איז דאָ צו זען אַ סך, און העלפן וויפל!
דער עיקר — מענטשן, אַלע ראַסן, שטאַמען.
כ׳וואָלט איינגעגאַנגען אויף אַ מאָטאָר־שיפל.
וואָס פאַר אַ פרייד אַ שפּרונג טאָן איבער ימען.

„דאָס מאָטאָר־שיפל — בלענדיק־דרייסטער שטיפער,
דער שקאָץ פון ייִנגליש־מענטשלעכע חלומות...״
זי האָט פאַרטראַכט זיך, האָט באַטראַכט אַ ציפער,
באַטראַכט פון צייט און לעבן אַלע תהומות.

„דו ווייסט, דער פרייער מענטש, דער וואָרער גיבור,
קאָן ליבן טויט — באַוואונדערן אַוודאי.
וואָלט וויטמאַנס „הימן״, געדענקסט? דו זעץ עס איבער.
דער טויט איז ים, און ווערט אַ סערענאַדע״.

***

דער גלייכגילטיקער האַר האָט נישט פאַרנומען
אַצינד קיין סערענאַדע־טענער שטאַלטנע;
פון אַ געהירן אַ פאַרגוואַלטיקט־שטומען
האָט חידוש רק געטראָגן זיך געוואַלטיק.

עס האָרכט דער פרינץ און טראַכט און טראַכט אַלץ ביטער.
דאָס טראַכטן איז קיין סך אים נישט מגלה.
זאָל געבן ענטפער דער, וואָס איז געביטער
אויף איבער אים און שאַפט די ענטפערס אַלע.

דער גלייכגילטיקסטער האַר שפּילט מיט אַ שמייכל,
די קראַנקע שפּילט מיט לעצטע שטיקלעך אָטעם.
זיין טראַכטן, זוכן פאַר זיך זין און שׂכל
האָט איר געשאָנקען אָט די שטיקלעך אָטעם.

איצט האָט זיין ווערק נישט מער געהאַט קיין שטערונג,
איצט האָט געשטאַרקט זיך איר געהיים עקשנות,
איצט האָט מיט אויסגערעכנטער באַקלערונג
פאַרשטעקט זיך יעדער פונק רחמנות.

אַן אויסטערליש געראַנגל האָט געשניטן
די לופט, וואָס האָט געזונגען ס׳ליד פון „אייביק״.
אַ רגע בלאָנדזשענדיקע האָט געשטריטן
מיט גיבור צייטלאָזן — און גאָרנישט גלייביק.

אַן אָטעם אָן אַ פּיצל לונג, אָן האָפן
האָט אַלץ געוואָרפן קשיות אין דעם פּנים
פון דעם, וואָס האָט געהאַלטן ברייט און אָפן
די אָרעמס זיינע, ווי אַ וואַך פון שונאים.

וואָס שרעק און אַנגסט ? וואָס אַלע אימות, פּחדים ?
ס'פאַלט אָפּ די שרעק ווי פון אַ וואַנט דער קאַלעך.
די שטוב האָרכט־צו, ווי ס'פּלאַצט דער לעבנס־פּאָדים
און זעט אַ קאַמף, ווי יעקבס מיט דעם מלאך.

אין שטרייט פאַרשווינדן אַלע זייטן־פּרטים
עס טונקלט־העלט אַן אוראַלטער ספּעקטאַקל ;
די איינגעשפּאַרטקייט פון אַ לעצטן אָטעם
אַקעגן גזר פון איטלעכן סך־הכל.

נאָר לעצטער אָטעם האָט זיך אויך פאַרענדיקט —
קיין וואָרט אויך איצט, קיין קלאָג, קיין מינדסטע טענה,
אַ לעצטע שטומע פראַגע — בליציק, בלענדיק.
דער דאַרער, שוואַרצער פּרינץ זאָגט : "ביסט שוין מיינע".

## דאָס שטילע בעט

אַ שטילקייט. איז עס מדבר ? איז עס פרידן ?
עס האָט שוין מער נישט וואָס צו שמאַיען קיינער.
אַ בלייך געזיכט, געפּלעפּט און דאָך צופרידן
אויף קישן־ווייסקייט — בלייכע הויט־און־ביינער.

דאָס מויל דאָס אָפענע — אַן אָפּשניט נאַכטלאַנד
אויף בעט מיט קישנס, קאָלדרעס, אָנשפּאַר, ליילעך,
אויף אַלץ, וואָס טוט געהערן צו דעם וואַכלאַנד.
איצט הענגט דערויף אַ וויסטע פרעמדקייט גריילעך.

אויף אָט דעם בעט איז לאַנג שוין נישט געלעגן
קיין פולער תושב פון דעם וואַכלאַנד, נייערט —
אַ שיינבאַרקייט אַזאַ. פון אירעטוועגן
האָט אַלץ געוואַכט, געליכטיקט און געפייערט.

די שטוב האָט ווי געהאַט איר זין און לעבן
אין לאַנגן, שווערן אָפּגיי פון דער קראַנקער.
ס'האָט יעדער שטוביקער אין די געוועבן
פון זיין און נישט־זיין טיף געהאַט זיין אַנקער.

פאַר זיך — אַ שוואַכער אָפּשיין פון דערמאַנונג,
איז זי געווען פאַר אַלע — פולע האַרין,
און אַלע האָבן מיט געטרייער שפּאַנונג
באַמיט זיך זי אין דאָ־זיין צו פאַרנאַרן.

אַצינד — אויס אַנקער, אויס געשפּאַנטע טרייהייט.
אַ בעט, אַ בלאַס געזיכט, אַ שטילקייט אומגעהייער.
און פרעמדשאַפט, פּוסטקייט, וויינענדיקע פרייהייט
און אויסלעשונג פון יעדן זין און פייער.

## קיניגלעך געזיכט

„וואָס פאַר אַ קיניגלעך געזיכט, ס'אַ שאָנקייט",
האָט איינע שטיל געזאָגט און טיף אַנטשוויגן.
געקוקט האָט יעדער און אַוועקגעבלאָנקעט
איז באַלד דער בליק ווי אַ געהיימער ניגון.

דאָס גוט־באַקאַנטע פּנים אין דעם אָרון,
מיט צוגעמאַכטע ליפּן, מידע דעקלעך,
האָט פון געהיים־אומהיימלעכן זיכרון
אַ טוך געוועבט פון פערציק יאָרן־ברעקלעך.

און אָט איז עס אַ פּרוכת, גאָלד־באַשריבן,
און מיניעט זילבער, וויאָלעט און צונטער.
און תּיכף, ווי אין שטאַרקע הענט געריבן —
אַ שאַרפער ריס פון אויבן ביז אַרונטער.

דאָס פּנים אין דעם אָרון זינגט צום הימל,
ס'געזאַנג טראָגט זיך צו אַלע לעבנס איבער:
שוין דורכגעשפּאַנט פון דרימל ביזן דרימל —
דעם תּהום פון זינלאָזן, געמיינעם פיבער.

דאָס צאַרטע פּנים לויכט מיט גייסט, אומגופיק,
און הילט זיך איין אין זיך — געגאַרטע מנוחה.
און לויטערט אויס אַ פרידיק־שטומע רופונג —
דערגרייכט די הימשוועל נאָך אַ זאַוועררוכע.

***

ס׳האָט דער, וואָס פּרואווט אין שורות בלייך און אָרעם
דערציילן וועגן רו נאָך לאַנגן וויכער,
געקוקט אויף אָט דער מאָנונג פון די קברים
צום לעצטן מאָל געקוקט אויף ליבסטע שטריכן.

לאַנג־לאַנג געקוקט און זיך אויך היפּש געוואונדערט,
וואָס ס׳האָט פון אַלע אירע פיל געשטאַלטן
איין־איינציקע זיך אָפּגעטיילט באַזונדער
און האָט זיין בליק היפּנאָטיש פעסט געהאַלטן.

דורך סוד פון דעם געמיט, פון פאַרבן, טענער,
דורך יאָרנלאַנגן שפּיל פון ליכט און נעפּל,
האָט ער דערזען זי אין דער פּאָזע יענער,
ווען זי האָט איינגעביסן שאַרף אַן עפּל.

געווען דאַן יונג, און קיינער האָט נישט מערער
געקאָנט פאַרגעסיק לאַכן אין אַ סביבה,
וואו איטלעכער אַ וועלטן־איבערקערער,
מיט לוסטיקייט אין שויבערדיקער גריווע.

ווער האָט געמערקט דעם דלות האַוסטאַן־סטריטער ?
די פּושקאַרטס פון די יידן, איטאַליענער,
זיי האָבן צוגעלאַכט מיט בעסטע גיטער,
מיט עפּל און באַנאַנעס — ווער דאַרף שענער ?

ס׳איז יעדערער אַ יונגער קבצן פריילעך
אַ קבצן וואויל אין אַלע זיבן פּאַלעס.
צום לאַכן קומט עס נישט. עס לאַכט זיך גריילעך,
יואָס — הונגער, שטויביקייט, איסט־סיידער גלות ?

און זי — די לאַכערקע, די סאַמע גרעסטע.
די ברוינע, קלוגע אויגן ווערן שפּעלטלעך,
וואו ס׳טאַנצן פינקלדיק־צזוניפגעפּרעסטע
הומאָר־באַשפּריצטע, חוזקדיקע וועלטלעך.

וואָס האָט גראָד דאַן צעטענצלט איר געלעכטער ?
„ווער ווייס, צי כ׳האָב מיין גרוב איצט נישט געגראָבן.
איך קיי אַ פּושקאַרט־עפּל, גאָט גערעכטער,
נישט אָפּגעוואַשן און נישט אָפּגעשאָבן ;

„איז זיכער מיט מיקראָבן פול אַריבער,
און דווקא האָב איך דאָך געלייענט נאָר־וואָס,
אַז ס׳קאָן אַזוינס אַוועקלייגן אַ גיבור,
און אָפּשיקן אין הימל, הויל און באָרוועס״.

זי לאַכט — פון זיך, פון נאַרישן זיכרון,
פון פּיינט, וואָס לויערט אין אַן עפּל־שאָלעכץ.
ווען הייבט זיך אָן דער טויט ? אין וועלכע יאָרן ?
ס׳קאָן אַלץ געמאָלט זיין. אַלץ איז אַ געמאָלעכץ.

דורך בליצלעך אַפריקאַנישע האָט דעמאָלט
איר בליק געהאַט פון גייסט און דרייסט אַ סוויטע.
ער זעט, ווי אין די ציין דאָס לאַכן פלעמלט,
הערט גרוס פון עפּל־בוים גראָד ביי איר מיטה.

## בעסטע חרוזים

דער קבר ליגט אַ גרייטער, אַ צעפּראַלטער,
די גרעבערס שטייען שטילע, זעלבסט־פּאַרטרויטע,
מיט יענער גלייכגילט, דער געוואוינטער, אַלטער,
פון די, וואָס טוען זייער רעכט די טויטע.

די ערד ציקלירט אין איילנדיקער בלינדקייט,
ס׳טיק־טאַקט אַ זייגער אויס די צייט כסדר.
ס׳ווערט אָפּגעטאָן מיט מענטשישער געשווינדקייט
אַלץ וואָס מען דאַרף, לויט לאַנג־געשטעלטן סדר.

די ווערטער פון דעם קדיש פאַלן סומנע,
מספּידים רופן אויף מיט צער צו־גוטן.
עס רייען זיך די רייד אין אַ קאָלומנע
און טרעטן אָפּ, ווי זעלנער נאָך סאַליוטן.

ס׳נעמט נידערן דער אָרון שטיל, פּאַוואָליע,
ער שטייט שוין פעסט אויף ליים־ערדס ברוינעם בוזעם.
אין לעצטער, סאַמע לעצטער מעלאַנכאָליע
ווערט מענטש מיט ערד פאַרקנסט, ווי בעסטע חרוזים.

די צייט יאָגט ווייטער, ווייטער — אומפאַרשטענדלעך.
מען וואַרפט שוין אויף דעם אָרון זאַמד און שטיינער.
מען הייבט אָן גיין, און אומעטיק אַנענדלעך
צום קבר אויף צוריק קוקט יעדער איינער.

ווי לאָזט מען דאָ אַליין דעם אָרון איבער?
ווי פאַלט מען נישט אין אומגעשעמטן יאָמער?
ווי גייט מען זיך פאַנאַנד צוריק אין שטיבער,
וואו אַלץ וועט שטעכן אין דעם האַרץ: „נישטאָ מער“?

דאָך גייט מען. און מען רעדט פון גאָט, פון פאַטום,
פון פּאָליטיק, קולטור, פון גראָזן, פּאַלמען.
נאָר אָרון — קבר, מעשה באַלעבאַטים
רק רופן אויף צוריק, צו דעם בית־עלמין.

## צעראַבירטע שטוב

די זעלבע שטוב, די ווענט, דאָס אַלטע מעבל,
די זעלבע זאַכן, ס׳קוקן זעלבע בילדער.
נאָר ווי אַן אַטאַמאַן מיט בייזן סעבל
וואָלט אַנגעפאַלן אין רציחה ווילדער,

און צעראַבירט די שטוב, און אויסגעליידיקט —
צעפירט זיך פוסטקייט איצט די הענט די פּרעכע.

און די אַליינקייט, הילפלאָז, אומפּאַרטיידיקט,
באַווייגט איצט יעדע שוועל מיט באַנגער עכאָ.

אַ קאָלדרע רופט געהיים און ליב און טייער,
אַ פאָטאָגראַפיע וועקט אַ וועלט אַ גאַנצע.
אַ שוך רעדט רייד פאַרטיפטע אומגעהייער,
אַ טאָפּ זינגט אויס אַן אימהדיקע סטאַנסע.

און אויף אַ טישל, גאַנץ צו־רו געלאָזטע —
אַ קאַם, אַ באַרשט. אין זיי מיט אַרצי־דרייסטקייט
זיך רירן האָר פון זייער באַלעבאָסטע,
אַ צוויי־דריי דינע פעדים שוואַרצקייט, ווייסקייט.

די האָר מיט האַרץ־צעברעכנדער באַקאַנטשאַפט
שטיל לאָזן דורכגיין יאָרן אין פּראָצעסיע,
און ס׳ראָלט זיך אויף אַן אינערלעכע לאַנדשאַפט,
וואָס זינגט איר ליד פאַר זיך בלויז, נישט בפהרסיא.

דאָס ליד זינגט שטיל אַ לעבן אַ מאָזאַאיק
פון לאַנגע טעג מיט נעכט און גיכע יאָרן,
פון דעם, וואָס אָפּגעפלאָסן פלינק, פאַרבייאיק,
און דעם, וואָס איז אַ פונדאַמענט געוואָרן.

אויף אָט־דעם פונדאַמענט האָט זיך געטורעמט
אַ פעסט געבוי פון ליכטיקייט, פון קילער.
און האָט עס וואו געווייטיקט, געיסורימט,
האָט ס׳ליכט פאַרגלעט מיט טרייסט און קלוגשאַפט שטילער.

דער יוגנט־פלאַם גייט אין אַ לויכטן איבער,
עס צוימט זיך אין דאָס יונגע גאַלאָפּירן.
„וואָס בענקסטו אַלץ נאָך דעם פאַנטאָם פון פיבער?
און ווען עס אָפּבילד ווילסטו נישט פאַרלירן?

„זע, ס׳שוואַרצן מער נישט ריכטיק אַפריקאַניש
די האָר מיר. וויפל ווייסע פעדים, זע נאָר.“

און מיט אַן ערנסט, ווי אַ נזירס טענית:
„אַ ליד דערפֿון שרייב: ווייס פֿון שוואַרץ איז שענער".

דער וואונטש ווערט אויסגעפֿאָלגט געשווינד באַשיידלעך.
דאָס ליד איז דאָ. אין ריטמיש־רונדער ראָנדאָ
ווערט אויסגעקרייזט דער טאַנץ־גאַנג, אומפֿאַרמיידלעך,
פֿון אַלע האָר — ברונעטע, ברוינע, בלאָנדע.

ווייס איז פֿון שוואַרצקייט שענער. יאָ. די שיינקייט
האָט זיך געמערט. און אויך — די מעלאַנכאָליע.
דער ווייסער קאָפּ האָט מיט פֿאַרשטאַנד און ריינקייט
געקוקט צוריק, באַטראַכט, געשאַצט זיין דאָליע.

זי האָט געזען איר יונגשאַפֿט אין באַרוישונג,
איר גלייכן, פֿלינקן טראָט — אַ שטאָלצע סטרונע.
און אויך פֿאַרדראָסן, רעטעניש, אַנטוישונג
און וואַקלעניש פֿון צוטרוי און אמונה.

ס'איז מאַן־און־ווייב־אויסקום דאָך אַ שלאָס און שליסל;
זיגזאַגן שוואַרץ אויף זילבער־בלישטש פֿון נחת.
ס'איז אייגנס אַלץ, אויך ביטערניש אַ ביסל —
דאָס ווייסן פּרויען; אויך חכמים, זנאַכערס.

„דו ווייסט, ווען גאָט זאָל געבן מיר אַ ליסטע
מיט לעבנס אַלערליי געווין באַשריבן,
און זאָגן: קלייב דיר אויס דאָס בעסטע, זיסטע,
וואָלט איך פֿונסניי דאָס זעלבע אויסגעקליבן."

אַ גריבלער, מומחה אין זיין פֿאַך, אַ בריה,
אַנטשיפֿערט טונקל־שווערע היעראָגליפֿן:
ער האָט אין אָט־די ווערטער די מיסטעריע
געלייענט פֿון צוויי לעבנס, פֿון צוויי שיפֿן,

וואָס טרעפֿן אָן זיך אויף דעם אוקינוס
און גייען נישט פֿאַנאַנד, נאָר בלייבן שטענדיק

צוזאַמען אויף די כוואַליעס פון עקשנות,
אין יעדן ווענד, צי ס׳טונקלט אָדער בלענדיקט.

די ווערטער, יענע רייד פון שטאָלץ און טרויער,
דער קלאַנגען־תּמצית פון פיל זען און קוקן,
באַוואוינען, וואַכן שטענדיק אין זיין אויער,
נאָך מער אין האַרצן, וואו זיי צוקן, צוקן.

די שוואַרץ־און־ווייסע, דרייסטע האָר אין קעמל
מיט זייער ציטער, צייטלאָזער באַוועגונג
פונסניי געצונדן האָבן ס׳גרייטע פלעמל
פון דעם זכרון מיט אַ נייער רעגונג.

## שמעיה קאָן נישט גיין

געוועזן נאָוועמבער. ערב־ווינטער קילקייט,
עס האָט אַ ווינט געפּייפּט — אַ ווילד־פּרעך פּראַנטל.
אין זאַרג־באַלאָדענער, פאַרווירטער שטילקייט
ער האָט געזען זי אָנטאָן שווערן מאַנטל.

געשוויגן. נאָר נישט שטערן, נישט דערמאַנען!
זי איז אַראָפּ מיט שטומען עלוואַטאָר.
זי האָט געמאַכט קוים צוויי דריי שפּאַנען —
ער האָט געקוקט דורך פענצטער מיט אַ פלאַטער.

זי איז צוריקגעקומען באַלד. אַ שמייכל
בייגט אויס די ליפּן אירע; אַ העוויה,
וואָס האָט געפּאַרכטיקט שוין מיט איבער־שכל:
„ביין, שמעיה קאָן נישט גיין. עס קאָן נישט שמעיה . . .״

נישט שוואַרצע קעץ, צי הויכע דאַרע נאָנעס
דורכקרייצן אים דעם וועג מיט חידות שווערע;
ער דאַרף נישט ראָטן קיין שום זאַבאָבאָנעס.
ער ווייס. ער האָרכט אַ מעסער־קלאָרע לערע.

אַמאָל, מיט לאַנגע, לאַנגע יאָרן פריער
האָט זי דערציילט אים פון איר היימיש שטעטל:
„עס איז געווען אין יונגן חודש אייר,
מיין בלאָטיק רוזשין — אַ מאַיאָווע בלעטל.

„די פענצטער פון די שטיבער אויפגעפראַלטע,
עס שטייען יידן פול אין אַלע געסלעך.
די קינדער פילדערן, מיט ליכט באַשטראַלטע,
אַ רעש, אַ פרייד, אַן אויפלעב — אומפאַרגעסלעך.

„כ׳שפּאַציר, ס׳זעט רוזשין אויס גאָר אַנדערש, שענער.
די קינדער גריסן מיך ווי זייער טאַנטע.
„אַ גאָסט! וואָס מאַכסטו? — ס׳פרעגט אי דער, אי יענער.
אַ פולע שטאָט מיט פריינד, מיט אַלט־באַקאַנטע.

„איך גיי. און אָט דערזע איך, ווי עס קוקן
אויף מיר צוויי גרויסע אויגן פון אַ פענצטער,
דאָס פּנים — וואַקס, צעקרימט דער רוקן,
און שווייס ביי איטלעכער באַוועגונג קלענסטער.

„ס׳איז שמעיה, און מיין האַרץ פאַלט שיר פאַנאַנדער.
דען שמעיה האָט אין שטעטל פון דעם רבין,
געשמט פאַר גבר און העלד — אַן אַלעקסאַנדער.
מ׳האָט אין זיין כעס פאַרמיידט צו זיין דערנעבן.

„ס׳האָט שמעיה מיך דערקענט. „דו? פלאי־פלאים!“
דער קראַנקער שמייכל האָט געמאַכט אים געלער,
און יעדע רגע איז געווען אַ שעה אים.
ער האָט געפּרוואווט — אַ שערבל פון אַ טעלער —

זיך אויפצושטעלן בראַוו, מיט אַקסלען גראַדע.
וואָס? שמעיה קאָן נישט גיין? כ׳בין זען אַ בעלן.
געוואָלט זיך אויספּיינען, געוויס, אַוודאי.
ער איז אַ טויטער אויפן אָרט געפאַלן.“

דער שמייכל אויף די ליפּן אירע דעמאָלט
האָט אָלע רייד באַדעקט מיט שוואַרצע מיצלעך.
דערוועקט די אַנגסטן, וואָס קוים־קוים געדרעמלט,
פאַרמעקט פון האָפענונג די לעצטע פּיצלעך.

געוועזן איז עס אין שפּעט־נאָוועמבער וויכער,
אַ לאַנגע טשאַטע נעכט האָט ביז געלויערט,
און וואָס די אַנגסט האָט שוין געוואוסט אויף זיכער,
האָט ביז אינמיטן יונגן מאַי געדויערט.

## זינלאָז געשריי

נישטאָ קיין אָרט אַזאַ מאַנק אָלע ערטער,
ווי אויפן לאַנד, אין מלכות פון דער גרינקייט,
צו זען ווי טויט און לעבן זיינען ווערטער,
וואָס זייער גרענעץ איז די דינסטע דינקייט.

אָט שטייט אַ בוים — באַבלעטערטער נצחון,
מיט שאָטן רייך, אַקעגן זון צעפּעכערט.
נאָר קוק זיך צו: דער שטאָם איז איינגעבראָכן,
און יעדער בלאַט — צעווערימט און צעלעכערט.

דער טויט פון בלאַט איז לעבן פאַר דער לאַרווע,
אויף לאַרוועס טויט לעבט הונגעריקער שפּערל,
און אונטער יעדער גרין־געפילטער באַרווע
סיי טויט, סיי לעבן הענגען אויף אַ הערל.

דער מענטש — אַ בלעטל אויף אַ ריטל קליינעם,
און ס׳ריטל אויף אַ צווייגל צווישן צווייגן.
די בלעטער, צווייגן מיט דעם טויט אינאיינעם
באַטרעפן בוים — אין רוישן און אין שווייגן.

דער בוים מוז אויכעט האָבן שכנים־ביימער
זיין פולע ביימישקייט צו קאָנען טראָגן,

עס זאָל די זון נישט דאַרפן זיפצן: „ווײ־מיר —
וואָס פאַר אַן עלנט מוז זיך דאָרטן פּלאָגן.“

און — עלעהיי אַ פינצטער־וויסטער חוקר —
זאָל אויך דער בוים נישט לעסטערן זיין דאָליע:
כ׳בין אַ פּאַרזעעניש, נאַטורס אַ הויקער,
און וויינען אין פאַרשעמטער מעלאַנכאָליע.

אַ בלעטל איז דער מענטש, געקניפּט — געבונדן
מיט אַנדערע אין רחבות און אין ענגשאַפט,
סיי ווען פון זון געצערטלט אַזן געצונדן,
סיי ווען דער ווינט שמייסט מיט צעכעסטער שטרענגשאַפט.

און ווען צוויי בלעטלעך וואַקסן אויף איין ריטל
לאַנג־לאַנג, אַז זיי געדענקען זיך נישט מערער
איינס אָן דעם אַנדערן; ווען בייזער ביטול
פון אַ צעבֿרויזט געוויטער, אַ צעשטערער,

רייסט איינס אַראָפּ און צווישן ערד און זעמדער
בלייבט ס׳צווייטע הענגען נאָר ווי אין מדבריות,
דאַן ווילט זיך שרייען: גזלן, מערדער, פרעמדער,
פאַררעטערישער מייסטער פון אַכזריות!

נאָר שרייען איז דאָך זינלאָז. ס׳איז אויך זינדיק
אַקעגן דעם, וואָס האַלט פון אַלץ זיך גרעסער,
וואָס בלאָזט זיך וואַזשנע אָן אָפּט ווי אַן אינדיק,
און גילט ווי אַלוויסן, און שניידט מיט מעסערס.

אין יענעם גרינעם מלכות, אויף אַ לאַנקע,
אין דעמער־שעה, האָט דער וואָס טוט דערציילן,
אין רעדער אומעטיקע אַלץ געבלאַנקעט,
דעם נעכטן נישט געקאָנט אַרונטערשיילן.

## „צום קינד בלויז מיטלייד"

„וואָס ווייניסטו?" ס'שטעלט קיינער נישט די פראַגע
צו דעם, וואָס שרייבט. עס פרעגט דער שרייבער גופא.
לאַנג־לאַנג צוריק. ס'קלינגט ממש ווי אַ סאַגע
פון אַ פאַרשוואומענער, פאַררוקטער תקופה.

נאָר ס'האָט די באַנגע דעמער־שעה דערמאָנט זי.
געווען אויך דעמער דאַן. אַ היפש פאַריאַכטער
קומט ער אַהיים מיט שמייכל אין דער וואָנצע:
ס'וואַרט ווייב, און יונגער זון, און קליינע טאָכטער.

די שטוב איז שטיל. קיין ליכט נאָך נישט געצונדן.
די קינדער ערגעץ־וואו אין גאַס, ביי שכנים,
און זי אויף בעט, ספאַזמירט, גלייך ווי אין וואונדן.
זי שעמט זיך, כעסט זיך אויך — אַלצדינג אינאיינעם.

„וואָס ווייניסטו?" זי — בלויז מיט דער האַנט אַ פאָכע.
האָט קיינמאָל נישט דערלאָזט — פאַרעקשנט־קענטיק —
ער זאָל זי זען „צעפלאָסן און צעקראָכן",
אין „אַנפאַל לעפישן פון סענטימענטיק".

„וואָס ווייניסטו?" — „קענסט דעם דאָקטער קעגנאיבער?
כ'האָב היינט געזען אים קאָטעווען דעם יתום,
זיין שטיף־זון. ס'קינד געוויינט האָט ווי אַ ביבער.
ווען כ'האָב אַ ביקס, כ'וואָלט אים, דעם ביק, געשאָסן.

„איך האָב דערציילט דער מאַמע, און וואָס מיינסטו?
זי האָט מיך אויסגעזידלט, די אידיאָטקע,
און נאָך „נאָ טי": וואָס ווילסטו און וואָס ווייניסטו?
גיי לויף, צעטראָג אויף טעלערלעך די פליאָטקע.

„נאָר וויים און דו געדענק: ס'איז נישט דיין עסק!
וואָס זאָגסטו צו אַ מאַמע אָט אַזוינער?

אַזוי „נייטראַל" און טעמפּ און מאַכעטייסיק."

— — — — — — — — — —

זי שווייגט. איר אויג טיפּט פּייכטער, ברזינער.

ס'איז נישט געווען דאָס מאָל דאָס אײנציק־ערשטע,
וואָס קינד־געוויין האָט זי אַזוי פאַרביטערט.
אָפּט אויף דער גאַס האָט זי, די שטרענג־באַהערשטע,
אַקעגן פרעמדע זיך צעשטורעמט און געוויטערט,

הלמאַי אַ מאַמע, צי אַ פאָטער זויער
האָט וואוילגיין זיך געלאָזן מיט דעם ריטל,
מיט דער גאונות פון אַ וואוילן פויער,
אַז קאַנטשיק איז דאָס בעסטע אויפברענג־מיטל.

געווען דערביי געשיכטעס, שלעק, קאַמיזמען.
נאָר קיין זאַך האָט איר טריישאַפט נישט געבענדיקט.
אויף יעדן קלוגן און געניטן פּיזמון
האָט זי געזאָגט: „צום קינד — בלויז מיטלייד... שטענדיק."

„דו ווייסט, וואָס איז פון מאַן די העכסטע קרוינונג?
נישט לאַך. ס'איז קלאָר מיר אָן שום טענה:
די צאַרטע פאָטערשאַפט און — קיין באַלוינונג.
צום חשבון־האַר איז דאָס די קאַרטע דיינע.

„דער שכר דערפאַר, אויב ווילסט דערגיין און וויסן,
איז דער: אין אירע טיפעניש סאַמע
איז צו דעם מאַן מיט פאָטערלעך געוויסן
דאָס אייגן ווייב די צאַרטסטע, פולסטע מאַמע."

# דאָס בוך — נישט-דערשריבן

דער הימל טונקלט, פאַרבט זיך פּיל־קאָלירִיק.
פורפּורן גליִען, ווערן פּאָמס און בראָנזיק.
אַ פויגל טראָגט זיך הויך און ווערט אַ חיריק.
אַ פּייַף שניידט דורך די לופט מיט אָוונט־אָנזאָג.

דאָס רויט ווערט פּאַסנוויַיז שוין טונקל־בלוילעך,
און צאַרטע גרינען מישן זיך מיט געלקייט.
דער דעמער צאַנקט אי פּאָרכטיק, אי פאַרטרויילעך,
דער הימל — פּערלמוטער אין פאַרוועלקטקייט.

אַיעדער בוים מיט דינעם, ווייכן פּינזל
מאָלט בענקשאַפטן אויף מאַטן פּערלמוטער.
און אָט איז הימל — ים. אויף אים אַן אינזל;
אַ שיף ביים אינזל און אין אַ קאַיוטע —

די טרויעריקע, וואָס אַוועקגעגאַנגען.
ווי האָט עס דער פּאַראומערטער אַנטפּלעקט זי?
די שיף האָט אויפגעעפנט אירע שטאַנגען,
די ווענט — צעפּאַלן און זיין ווייַ געוועקט זי.

אין ווייכע טוליען, דורכזיכטיקע שאַלן,
אין דינע, ווייסע, איידעלע געוואַנדער,
איז זי געזעסן, אַ געוועב פון שטראַלן,
עטעריש, אין נישט־ערדישן פאַרענדער.

געזעסן — איינגעבויגענע עניוות,
געקוקט אַריין אין זיך, אין טיפסטע טיפן.
דער ים הייסט רוען זיינע ווילדע גריוועס,
פאַרגליווערט שטייען אַלע פלינקע שיפן.

ענִיוות, שוואַכקייט איז די גאַנצע פּאָזע,
און דאָך אַ קראַפט אַ שטאַרקע, אומגעהייער.
די קראַפט איז גובר ווידערשטאַנד און העזה
און גופא די נאַטור רופט אויף געשטייער.

די פרוי און מאַמע אין יסורים שאַרפע
שפּילט אויס מיט פינגער ווייַנענדיקע, מידע,
שפּילט אויף אַ גרויסער ערד־ביז־הימל האַרפע
דעם וועלט־גאַנג — אויפקום, שטייגן און ירידה.

נישט קיינעמס ווייב און אויך נישט קיינעמס מוטער —
עס שפּילט די מילדע קיניגין פון טרויער,
און מיט אַ מאָנונג פעסטער, אומבאַרוטער
שטיל שטייגן טענער צו דעם וועלטן־בויער.

ס׳שפּילט אונדזער קיניגין, די אורע חוה,
די זאָרג־באַלאָדענע און ליבשאַפט־פולע,
די מאַמע ערשטע, ליידנדיקע, בראַווע,
די עול־געבויגענע און רחמים־דולע.

ס׳שפּילט די געבערערין, די לעבנס־שקלאַפין,
און טראָגט פאַרעקשנט צו דעם האַר־צבאות
די טענה הלמאי ער האָט געשאַפן
דאָס לעבן נאָר ווי אַ קאַפּריז, צי טעות.

„קאַפּריז צי טעות?" — טראָגט זיך מיט אַן אימה
אויף ים, יבשה און אַרויף צום הימל.
און ווי צונויפגעשטעלט מיט הענט געהיימע
אַנטשטייען ווענט פון האַרטן, שוואַרצן שימל.

אַ שווערער שלאָס וואַקסט אויס אין נאַכט־אַליינקייט,
אַ סומנער, דריקנדיקער תפיסה־מויער.

נאָר באַלד בליצט אויף מיט פייערדיקער ריינקייט
אַן אויפשריפט אויף דער תפיסהס שמאָלן טויער:

„באַגערן, כישוף, וויכערס, בלענדלעך, מפּיל —
דאָס איז דער אַלטער סיפּור פון די קברים.
בלויז אין דעם לעבנס סאַמע לעצטן צאַפּל
שרייבט זיך דאָס וואָרע ספר פון די ספרים.

ס׳האָט פּרעה ייד־קינדער אין ווענט פאַרגלידערט.
פאַרקנוילט איז דער באַשאַף מיט גרייזן זיבן.
בלויז דער, וואָס אין דעם קברס עלנט נידערט,
ווייס וויפל ס׳ביכער־בוך איז נישט דערשריבן״.

# אינהאַלט:

•